


# שטערן

ליטעראַריש־
קינסטלערישער
און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש־
זשורנאַל



9

מינסק — 1939

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

№ 9 ═══ פופצנטער יאָרגאנג ═══ 1939 סענטיאבער
אָרגאן פון פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווססר

---

## רעדע דורך ראדיאָ פון פאָרזיצער פונעם ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן פון פססר

# כאווער וו. מ. מאָלאָטאָוו

### דעם 17־טן סענטיאבער 1939 יאָר



כאוויירים! בירגער און בירגערנס פון אונדזער גרויסן לאנד!

די געשעענישן, וואָס זײַנען ארויסגערופן געוואָרן דורך דער פויליש־דײַטשישער מילכאָמע, האָט באוויזן די אינערלעכע ניט־שטאנדהאפטיקײַט און בעפיירעש ניט־טאטפייִקײַט פון דער פוילישער מעלוכע. די פוילישע רעגירנדיקע קרײַזן האָבן באנקראָטירט. דאָס אלץ איז פאָרגעקומען פארן סאמע קורצן טערמין.

עס זײַנען דורכגעגאנגען וואָסרע צוויי וואָכן, און פוילן האָט שוין פארלאָרן אלע אירע אינדוסטריעלע צענטרען, האָט פארלאָרן די גרעסטע טייל גרויסע שטעט און קולטור־צענטרען. ס'איז אויך מער ניטאָ ווארשע, אלס הויפטשטאָט פון דער פוילישער מעלוכע. קיינער וייס ניט, ווו עס געפינט זיך די פוילישע רעגירונג. די באפעלקערונג פון פוילן איז דורך אירע שלימאזלדיקע אָנפירער איבערגעלאָזן אפ גאָטס באראָט. די פוילישע מעלוכע און איר רעגירונג האָבן פאקטיש אופגעהערט צו עקזיסטירן. צוליב אזא לאגע האָבן די אָפמאכן, וועלכע זײַנען געשלאָסן געוואָרן צווישן דעם סאָוועטנפארבאנד און פוילן, אופגעהערט צו זײַן גילטיק.

אין פוילן האָט זיך געשאפן א לאגע, וואָס פאָדערט מיצאד דער סאָוועטישער רעגירונג א באזונדער זאָרגזאמקײַט אין הינזיכט פון דער געפארלאָזיקײַט פון דער אייגענער מעלוכע. פוילן איז געוואָרן א באקוועם פעלד פאר אלערליי צופעליקײַטן און אומגעריכטקײַטן, וועלכע קענען שאפן א געפאר פארן פססר. די סאָוועטישע רעגירונג איז ביז דער לעצטער צײַט פארבליבן נייטראל. אָבער זי קען מער ניט צוליב די אָנגעוויזענע אומשטענדן נייטראל זיך באציִען צו דער געשאפענער לאגע.

פון דער סאָוועטישער רעגירונג קאָן מען אויך ניט פאָדערן קיין גלייכגילטיקע באציִונג צום גורל פון די לײַבלעכע אוקראַיִנער און ווײַסרוסן, וועלכע לעבן אין פוילן און האָבן זיך פריִער געפונען אין דער לאגע פון רעכטלאָזע נאציִעס, און איצט זײַנען זיי אינגאנצן געוואָרפן געוואָרן אפ העפקער. די סאָוועטישע רעגירונג האלט פאר איר הייליקער פליכט צו דערלאנגען א האנט פון הילף אירע ברידער — די אוקראַיִנער און ברידער — ווײַסרוסן, וואָס באזעצן פוילן.



צוליב דעם אלעמענ האָט די רעגירונג פונ פסס״ר הײַנט אינדערפרי איבערגעגעבנ א נאָטע דעמ פוילישנ געזאנדטנ אינ מאָסקווע, וווּ זי האָט געמאָלדנ, אז די סאָוועטישע רעגירונג האָט אָפּגעגעבנ א פאראָרדענונג דער הויפּט־קאָמאנדירונג פונ דער רויטער ארמײ צו געבנ א באפעל דעמ מיליטער אריבערצוגיינ די גרענעצ אונ נעמענ אונטער זײַנ שוצ דאָס לעבנ אונ פארמעגנ פונ דער באפעלקערונג פונ מײַרעוו־אוקראַינע אונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד.

די סאָוועטישע רעגירונג האָט אויכ געמאָלדנ אינ דער דאָזיקער נאָטע, אז אײנצײַטיק האָט זי בעדייע אָנעמענ אלע מיטלענ דערצו; קעדיי צו באפרײַענ דאָס פוילישע פאָלק פונ דער שלימאזלדיקער מילכאָמע, אינ וועלכער עס האָבנ אימ ארײַנגעשלעפּט זײַנע ניט־קלוגע אָנפירער אונ געבנ אימ א מעגלעכקײַט צו אָנהייבנ לעבנ א פרידלעכ לעבנ.

אינ די ערשטע דאטעס פונ סענטיאבער, ווענ ס׳איז דורכגעפירט געוואָרנ א טיילווײַזער פריזיוו פונ רעזערוויסטנ אינ דער רויטער ארמײ אפ אוקראַינע, אינ ווײַסרוסלאנד אונ נאָכ אינ פיר מיליטער־קרײַזנ, איז די לאגע אינ פוילנ געווענ ניט קיינ קלאָרע אונ דער דאָזיקער פריזיוו איז דורכגעפירט געוואָרנ ווי א מיטל פונ פאָרזיכטיקײַט. קיינער האָט ניט געקאָנט טראכטנ, אז די פוילישע מעלוכע וועט ארויסווײַזנ אזא אָנמעכטיקײַט אונ אזא שנעלנ פאנאנדערפאל, וואָס האָט שוינ איצט אנ אָרט אינ גאנצ פוילנ. אפ וויפל אָבער דער דאָזיקער פאנאנדערפאל איז בא אלעמענ פאר די אויגנ, אונ די פוילישע טוער האָבנ פולשטענדיק באנקראָטירט אונ זײַנענ ניט פייִק צו ענדערנ די לאגע אינ פוילנ, דארפ אונדזער רויטע ארמײ, באקומענדיק א גרויסע דערגענצונג לויטנ לעצטנ פריזיוו פונ די רעזערוויסטנ, מיט ערע אויספילנ די בעקאָוועדיקע אופגאבע, וואָס איז פאר איר אוועקגעשטעלט געוואָרנ.

די רעגירונג דריקט אויס די פעסטע זיכערקײַט, אז אונדזער ארבעטער־פויערישע רויטע ארמײ וועט באווײַזנ אויכ דאָס מאָל איר שלאכט־מעכטיקײַט, באוווסטזיניקײַט אונ דיסציפלינ, אז באמ אויספילנ איר גרויסע באפרײַונגס־אופגאבע וועט זי ארויסווײַזנ נײַע העלדנטאטנ, העראָיִזמ אונ רומ.

צוזאמענ מיט דעמ האָט די סאָוועטישע רעגירונג אריבערגעשיקט א קאָפּיע פונ איר נאָטע אפנ נאָמענ פונעמ פוילישנ געזאנדטנ אלע רעגירונגענ, מיט ווּעמענ פסס״ר האָט דיפּלאָמאטישע באציִונגענ, אונ האָט דערבײַ געמאָלדנ, אז דער סאָוועטנפארבאנד וועט דורכפירנ די פּאָליטיק פונ נייטראליטעט אינ באצוג צו די אלע לענדער.

דערמיט ווערנ באשטימט אונדזערע מאָסמיטלענ לויט דער ליניע פונ דער אויסערנ־פּאָליטיק.

די רעגירונג ווענדעט זיכ אויכ צו די בירגער פונ סאָוועטנפארבאנד מיט פאָלגנדיקער אופקלערונג. אינ צוזאמענהאנג מיטנ פריזיוו פונ רעזערוויסטנ האָט זיכ צווישנ אונדזערע בירגער געלאָזט מערקנ די שטרעבונג צו אָנזאמלענ וואָס מערער דערנערונג אונ אנדערע סכוירעס אויס מוירע, אז עס וועט אײַנגעפירט ווערנ א קארטלעכ־סיסטעמ אפנ געביט פונ באזאָרגונג. די רעגירונג האלט פאר נייטיק צו מעלדנ, אז זי האָט ניט בעדייע צו אײַנפירנ א קארטלעכ־סיסטעמ אפ פּראָדוקטנ אונ אינדוסטריִעלע סכוירעס, אפילע, אויב די מעלוכישע מאָסמיטלענ, וואָס זײַנענ ארויסגערופנ געוואָרנ דורכ אויסערלעכע געשעענישנ, וועלנ זיכ פארציִענ אפ א געוויסער

צײַט. איך האָב מוירע, אז פון צופיל אײַנקױפן דערנערונג און סכוירעס װעלן לײַדן בלויז די, װאָס װעלן זיך מיט דעם פארנעמען און אָנזאמלען אומנײטיקע רעזערוונג, װײַל עס קען זײ דראָען די געפאר פון קאליע װערן. אונדזער לאנד איז באזאָרגט מיט אלץ, װאָס איז נײטיק, און קען זיך באגײן אָן א קארטלעך־סיסטעם אין דער באזאָרגונג.

אונדזער אופגאבע איצט, די אופגאבע פון יעדן ארבעטער און פויער, די אופגאבע פון יעדן אָנגעשטעלטן און אינטעליגענט באשטײט אין דעם, מע זאָל ערלעך און זעלבסטאָפּפערדיק ארבעטן אפן אײגענעם פאָסטן און מיט דעם ארויסווײַזן הילף דער רויטער ארמײ.

װאָס אָנבאלאנגט די קעמפער פון אונדזער רומפולער רויטער ארמײ, צווייפל איך ניט, אז זײ װעלן אויספילן זײער כויוו פארן הײמלאנד — מיט ערע און מיט רום.

די פעלקער פון סאָװעטנפארבאנד, אלע בירגער און בירגערנס פון אונדזער לאנד, די קעמפער פון דער רויטער ארמײ און פונעם מיליטערישן יאם־פלאָט זײַנען באהעפט, װי קײנמאָל, ארום דער סאָװעטישער רעגירונג, ארום אונדזער באָלשעװיסטישער פארטײ, ארום אונדזער גרויסן פירער, ארום דעם קלוגן כאװער סטאלין, צו נײַע און נאָך ניט געזעענע דערפאָלגן פון ארבעט אין דער אינדוסטריע און אין די קאָלװירטן, צו נײַע רומפולע זיגן פון דער רויטער ארמײ אפ די שלאכטפראָנטן.

# גרויסע טעג

דאָס לעבנ האָט זיכ ארויסגעוויזנ רײַכער פונ דער רײַכסטער מענטשלעכער פאנטאזיע. אינ די דאָזיקע טעג האָט די געשיכטע צעשמעטערט די געוויינלעכע פאָרשטעלונגענ וועגנ צײַט. עס זײַנענ פארלאָפנ מינוטנ, וואָס זײַנענ גלײַכ צו צענדליקער יאָרנ, עס זײַנענ דורכגעגאנגענ שאָענ, וועלכע האָבנ באטראָפנ יאָרהונדערטער.

נאָכ גאָרניט לאנג איז די צײַטונג „וועטשור ווארשאווסקי" געצוווּנגענ געווענ צו אנערקענענ, אז די מיזרעכדיקע ראנד־געגנטנ פונ פוילנ האָבנ זיכ אומגעקערט צו דער שטיינ־עפּאָכע. נאָכ גאָר ניט לאנג האָט מענ גערעדט וועגנ מיטלאלטער, אינ וועלכנ די פריצישע פוילנ האָט ארײַנגעוואָרפנ די אונטערדריקטע פעלקער. נאָכ גאָר ניט לאנג האָט אפ די וואָלינער, בוגער אונ פּאָלעסיער ערדנ געהערשט לײַביגנ־טומ־רעכט, וואָס פלעגט אָפּנעמענ באמ ארבעטנדיקנ מענטשנ אלצ, אויסער דעמ געדאנק וועגנ דער צוקונפט, דער האָפענונג אפ באפרײַונג אונ דעמ ווילנ צומ קאמפ.

דאָס איז געווענ נאָכ גאָר ניט לאנג...

די פויליש־דײַטשישע מילכאָמע האָט באוויזנ די אינערלעכע שוואכקײַט אונ ניט־שטאנדהאפטיקײַט פונ דער פוילישער מעלוכע. אינ משעכ פונ וואָסערע־ניט־איז צוויי וואָכנ האָט פוילנ פארלאָרנ אלע אירע אינדוסטריעלע ראיאָנענ, דער גרעסטער טייל גרעסערע שטעט אונ קולטור־צענטערס. די פוילישע ארמיי, וועלכע איז וועריבירט געוואָרנ אפ א צוואנגס־אויפנ אונ איז באשטאנענ ניט בלויז פונ פּאָליאקנ, נאָר אויכ פונ אוקראַינער, ווײַסרוסנ, יידנ אונ אנדערע נאציאָנאלע מינדערהײַטנ, וואָס האָבנ אינ דער פריצישער פוילנ געהאט אויסצושטיינ א גרויזאמע עקספּלואטאציע אונ אונטערדריקונג, האָט זיכ ארויסגעוויזנ אבסאָליוט ניט שלאכטפעיִק.

די פוילישע מעלוכע, וואָס איז געבויט געווענ אפ אונטערדריקנ אונ בארויבנ די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ, איז צעפאלנ געוואָרנ אונטער די ערשטע קלעפּ פונ דער מילכאָמע. די טאלאנטלאָזע אונ פּאכדאַנישע אָנפירער פונ דער דאָזיקער מעלוכע זײַנענ אנטלאָפנ קיינ אויסלאנד, איבערלאָזנדיק אפ העפקער די ארמיי אונ דאָס פאָלק. די צעלייגונג פונ דער ארמיי, די אומאָרדענונג אונ אנארכיע, וועלכע האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אינ לאנד, וואָס האָט פאקטיש אופגעהערט צו עקזיסטירנ אלס מעלוכע, האָבנ פארוואנדלט פוילנ אינ א באקוועמ פעלד פאר פארשיידענע צופעליקײַטנ אונ אומדערוואַרטקײַטנ, וועלכע קאָנענ שאפנ א געפאר פארנ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ.

די סאָוועטן־רעגירונג, דאָס גאנצע 170־מיליאָניקע פאָלק פון אונדזער גרויסן היימלאנד, וועלכע האָבן ביז דער לעצטער צײַט אָפּגעהיט נייטראַליטעט, האָבן מער ניט געקאָנט בא דער געשאפענער לאגע פארבלײַבן נייטראַל. נאָכמער, זיי האָבן געהאלטן, אז זיי האָבן אויך קיין רעכט ניט צו זײַן גלײַכגילטיק צום גורל פון מיליאָנען אוקראַינער, ווײַסרוסן און ייִדן.

די אוקראַינער, ווײַסרוסן און ייִדן, וועלכע האָבן פיל יאָרן געשמאכט אונטערן יאָך פון די פוילישע פאנעס, האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט פון זייערע סאָוועטישע ברידער. אָבער פארהילכנדיק דאָס פײַפן פון דער פריצישער און פאָליציייִשער באהײַקע, פלעגט צו זיי דערגיין די שטים פונעם גרויסן פאָלקס־עמעס.

צום אונטערדריקטן פאָלק זײַנען געקומען די שלוחים פון פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט—די שלאכטלײַט פון דער העלדנמוטיקער רויטער ארמיי, וועלכע זײַנען, אויספילנדיק די פאראָרדענונג פון דער סאָוועטן־רעגירונג און דעם ווילן פון אונדזער גאנצן פאָלק, דעם 17־טן סענטיאבער אריבער די גרענעץ, קעדיי נעמען אונטער זייער שוץ דאָס לעבן און פארמעגן פון די בלוט־אייגענע ברידער—אוקראַינער, ווײַסרוסן און ייִדן, וואָס לעבן אף דער טעריטאָריע פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע.

רויִק און גרויסארטיק פילט אויס דער פארבאנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקן זײַן הייליקע אויפגאבע—די אויפגאבע פון באפרײַען מיליאָנען אײַנוווינער פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד און מײַרעוו־אוקראַינע פון אונטערן יאָך פון די פוילישע פאנעס—די גוטבאזיצער.

א מעלוכע פון ראדזיווילס און סאנגושקאָס, פון די ווישניעוועצקיס און פאָטאָצקיס, א מעלוכע, וואָס האָט געשטיקט אירע אונטערטאנען, ווי א ספרוט, א מעלוכע, וועלכע האָט געשטרעבט דורך דער פאראָרעמונג און הונגער־טויט פון מיליאָנען פארפעסטיקן די הערשאפט פון דער פוילישער שליאכטע—די פוילישע מעלוכע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. ווי נאכט־רויבער, סאָוועס און פלעדער־מײַז, וועלכע באהאלטן זיך בא די ערשטע זונען־שטראלן, אזוי אנטלויפן האסטיק, ווי נאָר עס באווײַזן זיך די אָטריאדן פון דער רויטער ארמיי, די באלגײַוועדיקע פוילישע גענעראלן, די האָנעריסטע שליאכטע—די אָפיצערן, די פעאָדאלן—גוטבאזיצער, די פארביסענע סאָנים און אונטערדריקער פון די ארבעטנדיקע.

אונטער די קלעפּ פון די העלדנמוטיקע פאָלקן פון דער ארבעטער־פויערישער רויטער ארמיי זײַנען צעפאלן געוואָרן די שווערע קייטן, אין וועלכע עס זײַנען געווען געשמידט די ברידערלעכע פעלקער פון מײַרעוו־אוקראַינע אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. די רויטע פאָן פלאטערט דאָרטן, וו ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן טורמע, פײַניקונגען און טויט געדראָט יעדערן, ווער עס האָט געוואגט אויפהייבן א שטים פון פראָטעסט קעגן דעם פריצישן ווילקיר, קעגן דער אונטערדריקונג און שקלאַפערײַ.

די רויטע ארמיי האָט ארויסגעראטעוועט די מײַרעוודיקע ווײַסרוסן, אוקראַינער און ייִדן פון דער שליאכטישער קנעכטשאפט. די אונטערדריקטע נאציאָנאלע מינדערהײַטן, די אונטערדריקטע ארבעטנדיקע מאסן פון פוילן פארשטייען, אז זיי האָבן ניט קיינע שום סיבעס, פאר וואָס צו קעמפן פאר יענער פוילן, וועלכע איז

פאר זיי געווען ניט קיין מוטער, נאָר א בייזע שטיפמוטער. מיליאָנען ארבעטנדיקע פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד און מײַרעוו־אוקראַינע האָבן צום ערשטן מאָל פאר דער גאַנצער צײַט פון זייער היסטאָרישן לעבן דערזען די שײַן, האָבן דערפילט די פרייד פון לעבן, האָבן דעראָבערט דאָס, וואָס איז טײַערער דעם מענטשן פון אַלץ אפ דער וועלט — א היימלאַנד — א מוטער, א זאָרגזאַמע און מילדע צו אַלע זין און טעכטער אירע, אפ וואָס פאר א שפּראַך זיי זאָלן ניט ריידן און צו וואָס פאר א נאַציאָנאַליטעט זיי זאָלן ניט געהערן.

דער שוידערלעכער כאָלעם האָט זיך פאר דער באַפעלקערונג פון מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד און מײַרעוו־אוקראַינע געענדיקט. עס איז אָנגעקומען די פריידיקע אופוואַכונג. די שטעט און שטעטלעך האָבן זיך באַפּוצט מיט רויטע פאָנען, פאר מיליאָנען ארבעטנדיקע איז אראָפּגענומען געוואָרן די שרעקלעכע פראַגע, וועלכע האָט זיי געפּײַניקט יאָרנלאַנג: „וואָס וועט מיט אונדז זײַן? ווי וועלן מיר לעבן?“ איצט ווייס יעדערער דעם ענטפער אף דער דאָזיקער פראַגע.

די ארבעטנדיקע פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד און מײַרעוו־אוקראַינע זײַנען ארויס אף די גאַסן פון די שטעט און שטעטלעך און באַגריסן זייערע באַפרײַער, מע באַגריסט יעדן סאָוועטישן טאַנק, יעדע אווטאָמאַשין, יעדן רויטאַרמייער. מיט שטאָלץ קוקן זיי אף זייערע לײַבלעכע ברידער און אף די האַרמאַטן, וואָס פלאַנצן אין זיי אײַן די זיכערקײַט אין דעם, אַז עס איז אף שטענדיק געקומען א סאָף צום פּריצישן ווילקיר אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד און מײַרעוו-אוקראַינע.

גרויסע טעג. היסטאָרישע געשעענישן.

מיט א געפיל פון טיפסטער רעגונג לייענען מיר די קורצע לאַקאָנישע מיטיילונגען און דערציילונגען וועגן די באַגעגענישן פון די קאָמאַנדירן און שלאַכטלײַט פון דער רויטער ארמיי מיט די ארבעטנדיקע פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד און מײַרעוו-אוקראַינע. צי קען מען רויִק לייענען וועגן דעם, וויאַזוי די רויטאַרמייער גיבן איבער די פערד, וועלכע די פּאָליאַקן האָבן איבערגעלאָזן באַם אָפּטרעטן, די אָרעמע פּויערים פון די ארומיקע דערפער? מיט טרערן אף די אויגן נעמען צו די דאָזיקע ברידערלעכע מתּנות די פאראָרעמטע מענטשן, וועלכע האָבן ערשט נעכטן געשפּאָלטן אף דער העלפט א שוועבעלע, וועלכע לעבן אין פארויכערטע כאַלופּעס, וואָס זײַנען באַלויכטן מיט קינעלעך, בא וועמען מע האָט אָפּגענומען אַלע מענטשלעכע רעכט. צי קען מען קאַלטבלוטיק הערן די דערציילונגען, וויאַזוי די קינדער באַגעגענען די טיילן פון דער רויטער ארמיי.

„אין דער שטאָט אָסטראָג זײַנען ארײַן די טיילן פון דער רויטער ארמיי. אנטקעגן די הערלעכע קעמפער זײַנען געלאָפן קינדער. גרופּעסווײַז האָבן זיי זיך צעשאָטן בא דער זײַט פון וועג, האָבן ארומגעקלעפּט די פאַרענטשן פון די בריקן. דערזעענדיק די רויטאַרמייער, האָבן זיי געהויבן די הענטלעך און אַפּלאָדירט. דער ארמייער כ׳ קוליקאָוו האָט ניט געקענט אָן רעגונג צוקוקן דאָס דאָזיקע ביז טרערן רירנדיקע בילד. ער איז אראָפּגעשפּרונגען פון פערד, צוגעלאָפן צו די קינדער, האָט גענומען אף די הענט א קוטשעראַווע ייִנגל אין א העמדל פון גראָבן לײַוונט און האָט אים הייס געקושט.

— איכ האָב פאַר אײַכ קײנ מוירע ניט,— האָט געזאָגט אפ א געבראָכענעמ רוסיש דער קלײנער". („פראַוודאַ" פארנ 22 סענטיאַבער).

צומ פאָליטרוק פונ נ־ער טאנק־טייל כ׳ פלאָכינ איז צוגעגאנגענ א 19־יאָריק באָכערל, וועלכער האָט מיט פארביטערונג דערציילט, אז ער איז אינגאנצנ ניט גראמאָטנע, אונ אזוינע, ווי ער, איז אינ דאָרפ אסאכ פאראנ.

— אונ בא אײַכ לערנט זיכ די יוגנט?— האָט ער געפרעגט.

אונ ווענ דער כ׳ פלאָכינ האָט דערציילט וועגנ דער גליקלעכער סאָוועטישער יוגנט, וועלכע לערנט זיכ אינ די שולנ אונ הויכשולנ, וועגנ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, וועגנ די רעכט פונ יעדנ בירגער פונ אונדזער לאנד אפ ארבעט, בילדונג אונ אָפרו, האָט דער יוגנטלעכער מיט אנטציקונג אויסגערופנ:

— אויכ בא אונדז וועט אזוי זײַנ! איצט גלויב איכ אינ דעמ.

אָט זײַנענ סיוזשעטנ, וועלכע קענענ פאנאנדערגעוויקלט ווערנ אינ גרויסע לײַוונטנ. דאָס זײַנענ אייניקע פונ די טויזנטדיקע רירנדיקע מאָמענטנ פונ דער גרויסער היסטאָרישער עפאָפייע וועגנ דער באפרײַונג פונ די פעלקער פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ מײַרעוו־אוקראַינע.

די זינגעוודיקע שפראַכ פונ די ייִדנ, ווײַסרוסנ אונ אוקראַינער קלינגט אפ די גאסנ פונ די באפרײַטע שטעט אונ דערפער, אונ אומענדלעכ איז די פרייד פונ די מענטשנ, וועלכע האָבנ צומ ערשטנ מאָל פאר אסאכ יאָרנ באקומענ דאָס רעכט צו ריידנ אפ דער מוטער־שפראַכ, מיט דער פולער שטימ זינגענ זיי אייגענע לידער, ניט מוירע האָבנדיק, אז פונ הינטער א ווינקל וועט זיכ באווײַזנ דער בייזער פאָליציייִשער הונט אינ געשטאלט פונ א מענטשנ אונ וועט אוועקשלעפנ אינ טורמע.

דער ארײַנטריט פונ דער רויטער ארמיי אינ די דערפער אונ שטעט פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ מײַרעוו־אוקראַינע האָט זיכ פארוואנדלט אינ אנ אלפאָלקישנ יאָנטעוו. עס איז שווער צו באשרײַבנ די אנטציקונג אונ די סימכע, מיט וועלכע אונדזערע ברידער— די מײַרעוודיקע ווײַסרוסנ, אוקראַינער אונ ייִדנ— באגעגענענ די העלדנמוטיקע ארבעטער־פויערישע רויטע ארמיי, וועלכע טראָגט זיי אפ אירע רומפולע פאָנענ באפרײַונג פונ נאציאָנאלער אונטערדריקונג פונעמ יאָכ פונ די פוילישע פריצימ.

מיט ליבשאפט אונ הארציקער ווארעמקײַט באגעגנט די אָרטיקע באפעלקערונג אונדזער רויטער ארמיי. מיט א פולקאָמ פארשטענדלעכער נײַגעריקײַט פרעגט מענ פאנאנדער גענוי וועגנ דעמ לעבנ אינ סאָוועטנפארבאנד. אונ אונדזערע ארמייער, קאָמאנדירנ זײַנענ ניט נאָר דרייסטע, געוואגטע שלאכטלײַט, נאָר אויכ אויסגעצייכנטע באָלשעוויסטישע אגיטאטאָרנ, זיי דערציילנ פאָשעט אונ פארשטענדלעכ וועגנ דעמ פרײַענ, פריידיקנ לעבנ אינ סאָציאליסטישנ לאנד.

די ווײַסרוסנ, ייִדנ אונ אוקראַינער, וועלכע עס האָט מיט גוואלד מאָביליזירט די פוילישע מיליטערישע קליקע, גייענ איצט אהיימ אינ די אייגענע דערפער אונ שטעט אונ שמייכלענ פרײַנטלעכ צו די טיילנ פונ דער רויטער ארמיי, וועלכע טראָגנ זיכ דורכ פארבײַ זיי. דאָס לעבנ ווערט נאָרמאליזירט, אינ די שטעט ווערט מיט יעדנ טאָג אופגעשטעלט די צערויִנירטע שטאָטישע ווירטשאפט.

דער רום פון די דאָזיקע טעג וועט קיינמאָל ניט פארוועלקט ווערן. די דאָזיקע טעג וועלן באזינגען ווערן דורך דיכטער און וועלן באשריבן ווערן דורך קינסטלער. זיי באגייסטערן אלע אָרנטלעכע האָרעפאשניקעס אף נאָך גרעסערע העלדנטאטן אין נאָמען פון דער ליבע צו אונדזער גרויסן היימלאנד — צום פסטר.

א גרויסער גליק איז אויסגעפאלן אפן גורל פון אלע אָרנטלעכע טוער פון זשורנאליסטן־פראָנט, אפן גורל פון אונדזערע סאָוועטישע שרייבער. ווער, אויב ניט זיי וועלן פארקריצן אין בוילעטע קינסטלערישע געשטאלטן די אויסערגעוויינ־לעכע, בעקמעס היסטאָרישע טעג? א גרויס גליק איז אויסגעפאלן אף זייער גורל, דאָס גליק צו שאפן ווערק וועגן דער גרויסער עפּאָכע פון דער וועלט־געשיכטע, דאָס גליק צו זיין אקטיווע אָנטיילנעמער פונעם העראָישן קאמף, וועלכן עס פירט דאָס סאָוועטישע פאָלק אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי באָלשעוויקעס פאר דער זאך פון לענין־סטאלין, פאר דער זאך פון קאָמוניזם.

---

רוווע רײזינ

# ווי דאָס בילד איז באַקאָנט מיר אזוי

די באגעגעניש פונ די רויטע מיטנ פאָלק, ווי באקאָנט איז דאָס בילד מיר אזוי,
ווי דעמ ערשטנ מאָל פרייענ מיר הײַנט די שליאָמענ פונ דער רויטארמײ,
ווי דעמ ערשטנ מאָל קישעפט מיר הײַנט דער הימנ אונ הויבט מײַנ טראָט פײַערלעכ שטאָלצ—
אוי, סארא גליקלעכע באגעגעניש האָט דאָרט געטראָפנ דאָס פאָלק מיטאמאָל,
פונ אלע באגעגענישנ איז זי די שענסטע די באגעגעניש פונ די רויטע מיט א פאָלק.
די באגענעניש פונ די רויטע מיט א פאָלק.

דאָס הארציקע בילד, ווי עס שטייט פאר די אויגנ מיר ווו איכ שטײ אונ גײ
ווי אינ דער שטאָט, אינ דער לאנגווארטנדער שטאָט, ארײַנ איז די רויטארמײ,
ווי באגעגנט האָט דאָס פאָלק זײ מיט ברויט אונ מיט זאלצ אונ אָנגעבענטשט פול אונ פיל
ווי פרויענ אײַלנדיק גליקלעכ מיט עמערס האָבנ דעמ דאָרשט זײ געשטילט,
פונ אלע הארציקע בילדער אינ לעבנ איז דאָס דאָס הארציקסטע בילד,
דאָס הארציקסטע בילד.

דער בליצ פונ פאָנ, וואָס אפ כורוועס שענערע פונ פאלאצנ, טוט א ווײ,
ווענ די ערשטע היימלעכע ווענדונג „טאָווארישטש" טראָגט די לײַבלעכע רויטארמײ,
אפ דאָס אלצ האָט פונ דאָרט, פונ אופוואכנדנ פאָלק אפ מיר הײַנט א קוק געטאָנ,
כ'זע דאָרט אונדזער טײַערע פארגאנגענהײַט, וואָס כ'היט אינ טרוימ אזוי צארט, פונ לאנג אָנ,
פונ אלע בליצנ איז ער אינ מײַנ טרוימ דער העלסטער, דער ערשטער בליצ פונ פרײַהײַט־פאָנ,
דער ערשטער בליצ פונ פרײַהײַט־פאָנ.

די באגעגעניש פון די רויטע מיטנ פאָלק, ווי דאָס בילד איז באקאַנט מיר
אזוי,
ווי דעמ ערשטנ מאָל פרייענ מיר הײַנט די שליאָמענ פון דער רויטארמיי,
ווי דעמ ערשטנ מאָל קישעפט מיר הײַנט דער הימנ און הויבט מײַנ טראָט
פײַערלעכ שטאָלצ,
אוי, סארא גליקלעכע באגעגעניש ס'האָט דאָרט געטראָפנ דאָס פאָלק
מיטאמאָל,
פון אלע באגעגענישנ איז זי די שענסטע די באגעגעניש פון די רויטע
מיטנ פאָלק,
די באגעגעניש פון די רויטע מיטנ פאָלק.

---

ש. גאָדינער

# א דעמב באַם ווײַסל

דער אלטער איטשע-בער באלעגאָלע איז געשטאָרבנ קימאַט בא די פערד.

פאר זײַנ טויט איז גראָד דער וועטער קאליע געוואָרנ. דאָס איז געוועזנ אינ דער נאַטור פונ דער צײַט—הארבסט, נאָר דער אלטער האָט זיכ געהאַט זײַנע סימאָנים—ער האָט אינעם פוילנ רעגנדל דערשמעקט זײַנ טויט.

זײַנ טויט איז געוועזנ א קורצער.

ער האָט אויסגעשפאַנט די פערד און א געשריי געטאָנ צו זײַנ אלטער:

— נעכע, גיי צו די פערד, איכ האָב קײנ צײַט ניט...

ער איז ארײַנ אינ שטוב, זיכ א קראַצ געטאָנ, זיכ צוגעלייגט, א קוק געטאָנ אינ דער שויב, אים האָט זיכ פארוואָלט זיכ געזעגענענ מיט דער וועלט,—נאָר די שויב איז געוועזנ באַהאַנגענ מיטנ געדיכטנ, פאַמעלעכנ רעגנ, דער רעגנ איז געוועזנ באַדעקט מיטנ בלײַ-פינצטערנ הארבסטיקנ הימל.

דער אלטער האָט זיכ דערפילט גאָר שלעכט, און מיט א פלוצלינג אָפגעשוואַכטער שטים א זאָג געטאָנ:

— רופ ארײַנ ילדנ, נעכע...

אים איז שווער געוואָרנ צו ריידנ. מיט די לעצטע קויכעס האָט ער זיכ א הייב געטאָנ אפנ געלעגער און פלוצלינג דערזעענ פאר זײַנע אויגנ זײַנ וועלט, דאָס הייסט, זײַנ שטוב מיט דער קראָם. מיט אויגנ פונ א באַזיגטנ וואלד-גאַזלענ האָט ער אזוי געקוקט אפ זײַנ אויטערגייענדיקער וועלט. ער האָט ניט געוואָלט שטארבנ און אים האָט זיכ אפ א ווײַלע אויסגעוויזנ, אז מיט אים גייט אונטער די גאנצע וועלט. דערנאָכ איז ער געקומענ צום זינענ און גערעדט קלאָרע רייד, כאָטש דאָס ריידנ איז אים אָנגעקומענ זייער שווער.

— אפ דער לעווײַע זאָלט איר ארויספירנ מײַנע פערד...—האָט ער געכריפעט.— נאָשפּיצ זאָלנ זיי גיינ... אלע צענ פאָר... באלעבאָס איבערנ פארמעגנ זאָל ווערנ אווראָם-מייער...

און ניט דערערט. מער האָט ער קײנ קויעכ נים געהאַט.

צו נאַכט איז געבליבנ א קלייניקײַט: מינוטנ. אינ די מינוטנ איז ער געשטאָרבנ.

דער טויט זײַנער איז געוועזנ א גרינגער און א קורצער. די יעלאָלעס אפ זײַנ טויט זײַנענ געוועזנ לאַנגע, שוידערלעכע, די אלטע האָט זיכ געריסנ דעם שײַטל פונ קאָפּ, די זינ האָבנ געיאָמערט און געריסנ פונ זיכ די לײַבער, דאָס הייסט, געשניטנ

די לאצנ, ווי עס פאסט זיכ בא ייִדנ. דער רענג האָט געשמיסנ ביז אפ מאָרגנ פארנאכס. ערשט נאָכ זײַנ קוורע האָט זיכ דער וועטער אויסגעלײַטערט, ווי ער וואָלט זיכ בארויִקט דערפונ, וואָס דער אלטער איטשע-בער ליגט שוינ א צוגעדעקטער מיט ערד.

איטשע-בערס לעבנ איז געווענ א לאנגס אינ יאָרנ,—ער האָט ארײַנגעלעבט שיר ניט אינ די נײַנציקער,—א קורצס אינ געשעענישנ.

ער האָט זיכ געהאט זײַנ קִינדהײַט בא א טאטנ א בײנערקלײַבער. דער טאטע זײַנער האָט פארמאָגט אנ אויסגעדארטע קליאטשע, וואָס האָט דעם וואָגנ מיט די ביינער אונ שמאטעס געשלעפט. איטשע-בער האָט אים פונ קינדווײַס אָנ געהאָלפנ. ווענ ער איז אונטערגעוואָקסנ, האָט זיכ אים פארוואָלט האָבנ אנ אייגנ פאָר פערד. ער איז געווענ א ווּקסיקער אונ א געזונטער. צו אכצנ יאָר האָט ער באמערקט, ווי נעכע דעמ שוסטערס שארט זיכ צו אים. נעכע איז געווענ א שווארצכענעווריק מיידל, אונ ער האָט זיכ אויסגעמאָלט, אז זי דארפ זײַנ א גוט ווײַב. ער האָט נאָר ניט געוווסט, ווי זאָל ער עס צונויפפאָרנ מיט זײַנ פארלאנג צו האָבנ א גוטע פאָר פערד. ער האָט אפ זײַנ לעבנ זייער ווייניק געטראכט. נאָר ווענ ער פלעגט זיכ א נעמ טאָנ צו דער דאָזיקער מלאָכע, איז עס בא אים געגאנגענ פלינק, אונ שטענדיק האָט ער צוגעטראכט עפעס גוטס פאר זיכ.

— וועט איר טאטע קויפנ א גוטע פאָר פערד, האָב איכ מיט איר חאסענע,—האָט ער באשלאָסנ אונ מער וועגנ דעמ ניט געטראכט.

נאָר נעכע האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר מער מענטש, ווי ער האָט וועגנ איר געטראכט. זי האָט געטײַנעט, אז ער פארשאכערט זיכ. זי שטעלט א גרעסערנ פרײַז: אכוצ פערד—א פולנ אויסגאָב, ווי עס פאסט פאר א לײַטישע טאָכטער, מיט א זילבערנעמ זייגער דעמ חאָסנ. די פערד האָט מענ געקויפט צו די טנאָים. דעמ זילבערנעמ זייגער—צו דער חאסענע. די פערד האָבנ זיכ פאר זײַנ לעבנ געביטנ א מאָל צענ. דער זייגער איז געבליבנ, ווי אינעמ חאסענע-טאָג—א גאנצער אונ א נײַער אינעמ זאמשנ בײַטעלע.

איטשע-בער האָט מיט נעכענ געהאט זיבנ זינ. ווענ זיי זײַנענ אונטערגעוואָקסנ, האָט ער זיי פונ די פערד, ווי פליגנ פונ א שטיקל צוקער, צעטריבנ אינ די שטעט ארײַנ. די זינ זײַנענ אינ די שטעט געוואָרנ שמידנ, שליאָסערס, שוסטער, לײדיקגייער, קליינהענדלער. אײנעמ האָט אָפגעגליקט: ער האָט געקראָגנ כיינ אינ דער באלעבאָסטעס טאָכטערס אויגנ אונ ער איז געוואָרנ א מענטש מיט אנ אינטעליגענטנעמ טאלאנט אינ די הענט—א קאמאשנשטעפער.

דעמ יינגסטנ זונ, אווראָמ-מייערנ, האָט ער איבערגעלאָזנ אינ שטוב. ווענ אווראָמ-מייער איז אלט געוואָרנ זעכצנ יאָר, האָט זיכ אכצנ ווערסט פונ שטעטל פארענדיקט בויענ די באנ. איטשע-בער האָט געקויפט פאר אווראָמ-מייערנ נאָכ א פאָר פערד. איטשע-בער האָט געמיינט, אז אווראָמ-מייער וועט זײַנ דער אָנשמײַסער—אינצווייענ וועלנ זיי פאָרנ צו דער באנ אנ פירנ סכוירע, פאסאזשירנ. נאָר אווראָמ-מייער האָט זיכ דערפונ אויסגעלאכט. ער האָט געדונגענ אנ אָנטרײַבער צו די פערד אונ אליינ האָט ער זיכ גענומענ פירנ דאָס געשעפט: פאקנ די קאסטנס סכוירע אינ די וועגענער.

איטשע-בער האָט אווראָם־מייערן ניט אומזיסט געלאָזט נעבן זיך: אווראָם־מייער האָט געהאַט א גרויסן כאַלאַנט: ער האָט געקאָנט אנידערלייגן אן איבעריק קעסטל טיי אפן וואָגן, אן איבעריקן פאַק שניט־סכוירע, דאָס הייסט, ער האָט פּאַשעט געקענט גוט צושלעפּן. די קראָם האָט אַפּ די סכוירעס געוואַרט. אַפּ די אומזיסטע־איוואַדע. באַ איטשע־בערן אין קראָם האָט מען געלייזט ביליקער, איידער אין דער גאַנצער שטאָט. ער האָט גיך אײַנגערעדט די קויפער, אז זײַן וועג איז „פאַרדינען וואָס ווייניקער, אבי לייזן וואָס מער. איז דעם אָרעמאַן גרינגער און מיר בעסער, מיר טיילן זיך מיטן ביסן, האָבן מיר אלע צוביסלעך...“ מע האָט געגלויבט און געקויפט, ביפּראַט, אז עס איז באַ אים טאַקע געווען ביליקער. עמעס, מע האָט ניט שטאַרק געגלויבט אינעם שטענדיקן זאָל—אלע קרעמער לייזן פון אָנהייב ביליק,—אָבער אין די ערשטע יאָרן איז דער האַנדל געגאַנגען ראַש און אווראָם־מייער איז געוואָקסן שנעל.

איטשע־בער איז געווען אויסער זיך. ער האָט באַשײַנפּערלעך געזען, אז ער האָט א לעבן אָפּגעלעבט, ווי א נאַר, ווי א טאַם, ווי אן אָקס: געהאָרעוועט דרײַסיק יאָר אַפּ איין צווייט פּאָר פערד, און לעבן האָט מען געראַפּט, ווי אווראָם־מייער. ניט אָנטרײַבן די פערד מיט א בײַטש, נאָר א יאָג טאָן דעם מענטש, דאָס גיט א גרעסערן רעיעך... נאָר ער האָט זיך געטרייסט מיט אווראָם־מייערן, סאָפּ־קאָלסאָפּ איז אווראָם־מייער מיט זײַן גאַנצן פאַרמעגן זײַנער—זײַן בלוט און פלייש, ער האָט אים צויסגעדאָזעהוועט, און דאָס איז אלציינס, ווי ער אליין וואָלט אַפּ דער עלטער סייכל באַקומען.

אַפּ דער לעווײַע האָט מען די פערד ניט ארויסגעפירט.

— איך בין באַלעבאָס,—האָט אווראָם־מייער געזאָגט.—מע דאַרף ניט קיין צערעמאָניעס, ס׳וועט אים די ערד אזוי אויך גרינג זײַן...

„סטו געהערט! א פערדישע לעווײַע האָט זיך אים גאָר פאַרוואָלט!“—האָט ער געהאַט געוואָלט א טראַכט טאָן, נאָר געוואָרפן די דאָזיקע ארבעט.—געווען וויכטיקערע זאַכן.

ער האָט שוין מער קיין קעסטלעך ניט געשלעפּט. וויפל קאָן א מענטש אָנשלעפּן מיט די אייגענע הענט! ער האָט עס געמאַכט אַפּ אנדערע אויפאַנים: ער האָט אָנגעזעצט, געלײַען געלט אַפּ הויכע פּראָצענטן זײַנע קאָנקורענטן און דערנאָך געלאָזט זיי צום גרונט, צוגערעדט אנדערע צושלעפּן און ברענגען עס אים פאַרקויפן,—ער האָט געטאָן פּאַשעטע זאַכן, פון וואָס מע באַקומט אַזאַך געלט מיטאַמאָל. קיין סאַך קינדער האָט ער ניט געוואָלט האָבן. „דאַרף עך האָבן אכט זין און צעטרײַבן זיי איבער דער וועלט, אמער וועל עך בעסער האָבן איינעם און מאַכן אים פאַר א...“—האָט ער איינמאָל באַשלאָסן און אזוי אויסגעפירט.

צום 1900 יאָר איז זײַן זון יאָסיפ אלט געווען צען יאָר. אין באַנק האָט אווראָם־מייער דעמאָלט פאַרמאָגט צען טויזנט רובל. ער האָט פאַרקויפט די צען פּאָר פערד און איז אוועק אין וואַרשע. ער האָט זיך געקויפט דאָרט ניט ווײַט פון דער ווײַסל א שטוב מיט א סאָד. דעם ייִנגל זײַנעם האָט ער אוועקגעגעבן אין דער קאָמערץ־שול.

אין 1903 יאָר האָט זיך אווראָם־מייער אַרײַנגעדרייט אין א מילכאָמע־פּאָדריאַד. ער האָט זיך אויסגעקליגט צו פאַרשלאָגן די בילִיקסטע פּרײַזן, געגעבן די העכסטע כאַבאַרן און צושטעלן די סכוירע צום טערמין. זײַן אויסזען—א הויכער, מיט א גרויסער בראָנדזענער באָרד, מיט א פּאָר פרײלעכע און ביטערע אויגן, אָן פּייעס, אָבער שטענדיק אין א קאַפּאָטע, וואָס האָט אויסגעזען, ווי א מין וויזיט־ראָק,—האָט שטאַרק אימפּאָנירט. מע האָט אים געהאַלטן פאַר א וואָרטסמאַן און גערן מיט אים געהאַנדלט. „דאָס איז אַן אייראָפּייער מיט א ייִדישן קאָפּ",—איז געווען דער נאָמען, וואָס איז אים פאָרויסגעגאַנגען און נאָכגעגאַנגען אין אַלע זײַנע געשעפטן.

אין 1908 יאָר האָט זײַן זון געענדיקט מיט א גאָלדענעם מעדאַל די קאָמערצשול און איז אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט אפן יורידישן פאַקולטעט. אווראָם־מייער האָט צו דער צײַט פאַרמאָגט הונדערט טויזנט רובל אין באַנק און א האַנדלשטוב אף דער קרולעווסקע גאַס.

באַם אָנקומען אין אוניווערסיטעט האָט דער יונגער מעדאַליסט אַרויסגעפירט זיך און זײַנע עלטערן פון דער מלאַווער פלעבײַשקײַט: ער האָט אָפּגעגאָלט דעם טאַטנס באָרד, אָנגעטאָן אים אין א „דײַטשישן" ראָק, אויסגעפּוצט דער מאַמען אין א לאַנגער קלייד מיט נאַקעטע אַקסל און בריסט, אויסגעפּראַוועט נײַע פּעסער מיט א נײַער פאַמיליע און נעמען: דער טאַטע האָט פון הײַנט אָן געהייסן מאַרק, די מאַמע—וואַשע, ער אַליין—יוזעק און זייער אַלעמענס פאַמיליע—לאַגול־מלאַווסקי.

נאָכן פאַמיליען־באַל האָט דער אַלטער אווראָם־מייער, פאַרן שלאָפן גיין, דערפילט, אַז איין קאַפּיטל אין זײַן לעבן האָט זיך פאַרענדיקט, א צווייטס הויבט זיך אָן און עפּעס דאַרף ער זאָגן זײַן זון, דעם יונגן סטודענט. ער האָט אף אים א קוק געטאָן און געוואָלט זאָגן דאָס סאַמע שטאַרקסטע וואָרט, וואָס דאַרף ווײַזן זײַן זון דעם ריכטיקן וועג אין לעבן. ער האָט ניט לאַנג געטראַכט און געזאָגט צו אים אף ניט קיין שלעכטן פּויליש:

— דרײַ דוירעס האָבן אף דיר, יוזעק, געאַרבעט, דו זאָלסט קאָנען זײַן דער סטודענט מיטן גאָלדענעם מעדאַל... נעם זיך דעם ריכטיקן וועג אין לעבן...

און ער איז אוועק צו זײַן פּאַני וואַשע אין שלאָפצימער, ווי א יונגער כאָסן צו א קאַלע,—אַן אָפּגעגאָלטער און אייראָפּייִש אויסגעקליידטער.

דרויסן, אין דער ברייטער וועלט, אין דער אָרעמער וועלט האָט איטשע־בערס שײַוועס פאַרגעזעצט זײַן מאַרש אין לעבן.

דעם אַלטן איטשע־בערס זין און אייניקלעך האָבן זיך צעשאָטן איבער די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, איבער די וואַרשעס, לאָדזשס, שעדלעצס, ביאַלעס. דאָס זײַנען געווען פּראָסטע און שטאַנדהאַפטיקע מענטשן. זיי האָבן געהאַט ווייניק זון, ווייניק טוי, ווייניק ברויט, גאָר ווייניק פּוטער און אַפילע קנאַפּ הערינג און קאַרטאָפל. אָבער זיי האָבן געלעבט און זיך געפּרוכפּערט. זיי האָבן אין די כאַסענעטעג געהאַט די איינציקע אין לעבן זיסע האַנאָע פון אָפּעסן צו זאַט א געשמאַקע וועטשערע און אויסשלאָפן זיך אין א בעט מיט געניקלטע קעפּ, אף א ריינעם לײַלעך. דערנאָך איז אוועק דאָס לאַנגע ביטערע לעבן אין שמוץ, אין דאַכקעס, פול מיט רויך און מיסט, פול מיט סמאָרק און שמוץ פון קליינע קינדערלעך אין אָפּגעריסענע פאַרברודיקטע העמדלעך.

דאָס איז געווען דאָס פּראָסטע פאָלק פון איטשע־בערס שײוועס.

דאָס זײַנען געווען די איטשעמײערס, איטשעבערס, כאיִמס, אווראָמס, כאנעלעך, סאָרעלעך, כאיעלעך. די טאטעס זײַנען געווען שליאָסערס, שמידן, שוסטערס, קאמאשן־מאכער, שנײַדער, ראזירער און פריזירער,—אלע אָרעמע קאליקעס „פּרשערס“—ניט געווען קײן צײַט זיך אויסלערנען די מעלאָכע, ווי עס באדארף צו זײַן,—די סמארקלעך האָבן געוואָלט עסן. אײניקע, די סאמע נידערגעשלאָגענע האָבן זיך אפילע צוריקגעקערט צו דער אורשפּרינגלעכער פּראָפעסיע פון דעם אלטן איטשע־בערס טאטן: געקליבן בײנער און שמאטעס.

דאָס לעבן איז געגאנגען פאָרויס, און די נידערגעשלאָגענע זײַנען אָפּגעשטופּט געוואָרן אַפ הינטער,—קײן פערד האָבן זײ שוין ניט פארמאָגט, ווי איטשע־בערס טאטע,—זײ האָבן אַפ די אײגענע פיס זיך ארומגעשלעפּט איבער די וואַרשעווער, לאָדזשער הויפן, פאריסן די קעפּ, פולבאוואָקסענע מיט פײעס און בערד און ארופגעשריִען צו די אויבערשטע שטאָקן מיט א ווײטיקדיקן פארבענקטן ראָמאנטישן געזאנג, וועלכע זײ האָבן אלײן ניט באמערקט:

— קאָשטשי קופּויע, גאלגאני קופּויע, קאָאָשטשי!..—דאָס איז געווען דאָס פּראָסטע פאָלק פון איטשע־בערס שײוועס—זײ האָבן זיך פארהיט זײער אלטן פאַמיליען־נאָמען: באלעגולע.

פארטריבענע פון איטשע־בערס פערד, ווי פליגן פון א שטיקל צוקער, האָבן זײ קײן שום שײַכעס ניט געהאט מיטן נײַ־געגרינדעטן לאגול־מלאווסקי־שטאם, אפילע די שמאטע־קלײַבער האָבן קײן צוטרעט אהין ניט געהאט: אַפ מארק לאגול־מלאווסקיס טויער אַפ די יערוזאלעמער אלײען איז געהאנגען א בלעכענע שילדל:

„שמאטע־קלײַבער און הינט ווערן אין הויף ניט ארײַנגעלאָזט“.

לאגול־מלאווסקיס האנדלזהויז אַפ דער קרולעווסקי גאס האָט געבליִט. אַפ דער מארשאלקאָווסקי גאס האָט א נײַ־אויסגעפארבט מיט גאָלד שילדל גערופן:

„באנק־קאָנטאָר לאגול־מלאווסקי און זון“.

אַפ די יערוזאלעמער אלײען, אין ציכטיקן סאָד, האָט אין 1900־טן יאָר די אלטע לאגול־מלאָוושטשכע פארפלאנצט א דעמבל—א זײכער צו זײער שטאם, וואָס איז אופגעריכט געוואָרן; אין שטוב, אין דער גרויסער סאליע, אין א פעסל—א ציטראָנבוימל—לעקאָווער זײער זון—דעם שײנעם און לײַטישן יונקן, וועלכער דארף זײַן, לויט אלע סימאָנים, א זשעניאל קינד.

און די צווײַגן פונעם לאגול־מלאווסקי־שטאם האָבן זיך צעוואָקסן און צעשפּרײט: דער פּאטריארך—אווראָם־מײער־מארק—האָט די מערסטע צײַט פארבראכט אַפ דער בירזשע און אין קאַפע, די מוטער און באלעבאָסטע—פּאני זאָשא—האָט געפירט די שטוב, דער זון—יוזעק—האָט שטודירט יוריספּרודענץ און ניט אָפּגעגאַרט די האָפענונגען פון פאָטער־מוטער און פון די ארומיקע גוטע פרײַנט: ער האָט ווירקלעך געהאט היפּשע פײִקײַטן, און, כוץ דעם, איצט, ווען ער איז שוין געווען דערוואָקסן האָט ער אומבאמערקט די שטוב אוועקגעשטעלט אנדערש—מאָדערנער און מענטשלעכער—לויט זײַן געשמאק און פארשטאנד. ער האָט אויך באזעצט אין דער שטוב דעם אלט־פּוילישן טרוים—ווידער אופבויען די זעלבסטשטענדיקײַט פון דער פּוילישער מעלוכע.

ער האָט זיך געלערנט גוט און אין יאָר 1913 פאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט.

דער אַלטער לאַגול־מלאַווסקי האָט איינגעאָרדנט אַ ריזיקן באַל אין זיין פּאַלעצל, אין די יערוזאַלעמער אַלייען.

אַ שאָ פאַרן באַל איז ער אַריינגעלאָפן מיט אַ ריזיקן בוקעט בלומען אין דער האַנט צו זיין זאָשען. זי איז געווען האַלב נאַקעט און זייער אויפגעבראַכט.

— מיין ליבער גאָט,—האָט זי געקוועטשט מיט די אַקסלען, צונעמענדיק די בלומען פון זיינע הענט,—דאָס האָסטו געקאָנט טאָן שפּעטער, דער פּלעביי הערשט נאָך אַלץ איבער דיר... איך בין אין אַזאַ אויסזען...

— איך וויל האַנאָע האָבן פון דער וועלט, זאָשוניע,—האָט מאַרק געטומלט.— וואָס איז מיר דיין אויסזען! יוזעק האָט געוווּנען דעם פּראָצעס בײַ די גינזבורגס! זשעניאַל! זאָלן די לילפּאָפּס מיט די האַנטקעס מאַכן זייערע זין פאַר אינזשעניערן. עך באַדאַרף אַ יוריסט! עך האָב עס! זשעניאַל!

אין אָוונט, אפן באַל, איז אים באַפאַלן די ערשטע אַטאַקע. ער איז געווען שיכּור, אָנגעגאָסן און צעפּלאַמט. ער האָט דער ערשטער הייװעריק פאַרצויגן: „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגיניעלאַ".

און אינמיטן געזאַנג אַוועקגעפאַלן.

די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט גרינטלעכע אָרגאַנישע ענדערונגען אין זיין האַרץ. די גאַנצע שטוב האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ער איז צו יענער צייט אַלט געווען 48 יאָר, און שוין האָט דער טויט אַ פאָכע געטאָן איבער זיין קאָפּ. צו פרי! ער האָט ניט געוואָלט שטאַרבן, ווען דאָס לעבן, לויט אים, הייבט זיך ערשט אָן און ער איז אַוועקגעלאָפן אין אויסלאַנד זיך קורירן.

אין 1914 יאָר, אין יולי, האָט ער די קוראַציע איבערגעריסן, איז געקומען צו־פליִען קיין וואַרשע, פאַרשלאָסן זיך אַף 5 מינוט מיט יוזיקן אין קאַבינעט.

— דו וועסט אַף דער מילכאָמע ניט גיין,—האָט ער צו אים געזאָגט.

— ווי ס'וועט דאָס געשעפט פאָדערן, פאָטער.

— דאָס געשעפט פאָדערט, דו זאָלסט אָפּפאָרן אין דער שווייץ איבערוואַרטן דעם געפילדער, וואָס זיי האָבן דאָ אויפגעהויבן.

יוזעק איז אַוועקגעפאָרן.

אין פופצנטן יאָר איז געפאַלן וואַרשע.

אין דער שווייץ האָט יוזעק זיך פאַרבונדן מיט דער פּוילישער קאָלאָניע. ער האָט שטודירט פעלקער־רעכט און געלערנט זיך שיסן.

אין אָנהויב זעכצנטן יאָר איז מאַרק פון אַ האַרץ־שלאָג געשטאָרבן.

ווען יוזעק איז געקומען קיין וואַרשע, האָט אים די מוטער באַגעגנט מיט דער צוואָע אין די הענט.

די צוואָע האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי:

„דריי דורעס האָבן אַף דיר געאַרבעט"...

דערנאָך זיינען געגאַנגען קורצע פאַראָרדענונגען וועגן די געשעפטן, וועגן פאַרטיילן דאָס פאַרמעגן, וועגן דער מוטער. צום סאָף איז געווען אַ פּאָר ווערטער וועגן פּוילן. „דיין פאָטערלאַנד איז פּוילן. אויב דאָס פאָטערלאַנד וועט דאָס האָבן נייטיק, זאָלסטו נעמען די ביקס און פאַרטרייבן פונדאַנען די מאָסקאַליס מיט די דייטשן".

צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן האָט יוזעף א טראכט געטאָן וועגן זײַן געשטאָרבענעם פאָטער, ווי וועגן א מענטש מיט א גרויסן פאָליטישן פארשטאנד. די צאוואָע האָט פארפליכטעט צו טראָגן די פאָן פון די לאגול־מלאווסקיס הויך און שטאָלצ.

יוזעף האָט פאָרגעזעצט פירן די געשעפטן. פאָרגעזעצט זײַן שטודיום אין געביט פון פעלקער־רעכט. ער האָט געהאט וויכטיקע פערספעקטיוון איןביידע געביטן.

אין 1918-טן יאָר האָט ער אָנגעפירט מיט א יוגנט־אָטריאד, וואָס האָט געריסן פון די ווענט אפ די ווארשעווער גאסן די שילדן מיט די דײַטשישע אופשריפטן. אין די זעלבע טעג האָט ער אין דער שפיצ פונעם אָטריאד ארומגערינגלט דעם ראטוש אפן טעאטער־פלאצ, איבערגעגעבן דעם אולטימאטום דער דײַטשישער קאָמאנדע צו פארלאָזן גלײַך די שטאָט. אין א פאָר טעג ארום איז ער געשטאנען גרייט מיט זײַן אָטריאד אפן מיטינג אפ דעם קראקאָווער פאָרשטאָט.

דאשינסקי האָט גערעדט צום פאָלק. ער האָט געזאָגט:

„מיר וועלן בא אונדז אָפטאָן דאָס, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָפגעטאָן אין רוסלאנד. אָבער אליין, מיט אייגענע קויכעס“.

אפן פלאג־שטאָק פונעם שלאָס האָט געוויט א רויטע פאָן.

אין 5 מינוט ארום איז געקומען אפן מיטינג פילסודסקי.

אין איין מינוט נאָכ זײַן אָנקומען איז די רויטע פאָן פונעם פלאג־שטאָק אראָפגענומען געוואָרן. דאָרט איז אופגעצויגן געוואָרן די נאציאָנאלע פוילישע פאָן.

יוזעף לאגול־מלאווסקי האָט עס געזען און געשמייכלט.

אין די ווײַטערדיקע יאָרן איז ער שנעל און פעסט געטראָטן איבערן אָנגעצייכנטן וועג; ער איז געווען ארמיי־יוריסט און איינער פון די ווינציקע, וואָס האָבן ניט עוואקויִרט זייער פארמעגן, ווען די רויטע ארמיי איז געשטאנען בא די טויערן פון ווארשע. ער האָט געמיטפעט סאָלדאטן און פויערים אין פויזן און גאליציע, אין שלעזיע און מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד און געשריבן זײַן גרונט־ווערק: „וועגן די רעכט פון די נײַ־אנשטאנענע נאָכ דער וועלט־מילכאָמע מעלוכעס“. ער האָט אין אָט דעם ווערק דערוויזן דאָס רעכֿט פון דיקטאטור פון די פארמעגלעכע קלאסן, פון די גרויס-אייגנטימער, ביז די מעלוכע־אויסבילדונג וועט זיכ פארפעסטיקן אזוי, אז דער „דעמאָס“ וועט זיכ דערפילן פרײַ פון די רעשטלעכ קנעכטשאפט, וואָס איז אין זייער בלוט אריין פאר דער צײַט פון דער אימפעריאליסטישער הערשאפט. דאָס דארף דויערן א פאָר דוירעס.

פאר אָט דעם ווערק האָט ער באקומען דעם טיטל פראָפעסאָר.

פראָפעסאָר פאן יוזעף לאגול־מלאווסקי האָט אויסגעפילט זײַן פאָטערס צאוואָע: ער האָט אונטערגעשטעלט זײַן ברוסט צו פארטיידיקן זײַן פאָטערלאנד און גערולדיק געווארט אפ דער באלוינונג.

ער האָט אויכ ניט פארוואָרפן די וויסנשאפטלעכע ארבעט. ער איז איצט געווען באשעפטיקט בא דער פראָבלעם פון פרידלעכן צוזאמענלעבן פון צווי סאָציאל־עקאָנאָמישע סיסטעמעס. ער האָט געוואָלט דערווײַזן דאָס פארקערטע און געהאָפט אפ גוטע רעזולטאטן.

2. „שטערן“ נומ. 9.

ער האָט פארברייטערט און פארצווײַגט זײַנע געשעפטנ.

ער האָט געשפאנט אינ לעבנ מיט טריומפ, ווי עס איז געקומענ לויט זײַנ מײַנונג, איעדנ שטארקנ מענטשנ.

זײַנ זונ האָט זיכ געלערנט אינ אנ אריסטאָקראטישער שול. דער דעמב אינ סאָד האָט זיכ צעצווײַגט. אינ זײַנ שאָטנ האָט מענ שוינ געקאָנט גוט אָפרוענ, דאָס ציטראָנענ-בוימל האָט שוינ געבראכט פיל פרוכטנ, און אײנע א געװײנלעכע פראגע פונ זײַנ זונ: „צי איז גענוג פארנ מענטש צו זײַנ בלויז מענטש, אָדער ער דארפ נאָכ דערצו זײַנ א ייִד, א פויל, א דײַטש, א האָטענטאָט?“ האָט אים ארופגעפירט אפנ געדאנק צו זעצנ זיכ ארבעטנ איבער נאָכ אײנס א װערק: „דער מענטש און זײַנע רעכט“. אים איז אינ יענעם אָװנט ניט אײַנגעפאלנ צו פרעגנ בא זײַנ זונ צו ליב וואָס ער פרעגט דאָס און ער האָט ניט געוווּסט, אז מע האָט זײַנ קינד נאָכ מיט א יאָר צוריק אינ דער אריסטאָקראטישער שול שטארק צעשלאָגנ דערפאר, וואָס דאָס ייִנגל האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ אפ דער פראגע: „ווער ביסטו?“. אז ער איז ניט קײנ ייִד—דאָס האָט דאָס ייִנגל אלײנ געוווּסט—די מוטער איז א פוילישע און דער פאָטער האָט נאָכ קײנ אײנ מאָל ניט באזוכט די סינאגאָגע. אז ער איז א פאָליאק—דאָס האָבנ די כאַווײרים ניט געוואָלט אנערקענענ.—דער פאָטער איז א ייִד און די מוטער און אויכ אים אלײנ, סטאשעקנ, האָבנ זײ נאָכ קײנ אײנמאָל ניט געזעענ אינ קאָשטשיאָל. „טאָ ווער ביסטו?“—האָבנ די קינדער בא אים געמאָנט.—„א מענטש!—האָט זיכ בא סטאשעקנ ארויסגעריסנ אנ ענטפער מיט טרערנ. נאָר די ייִנגלעכ האָבנ געלאכט: „א מענטש! געזעענ דעם מענטש!“ „און איר זײַט כאמעס!“—האָט דאָס ייִנגל מיט נאָכ מער קאעס און ווײטעק אויסגעשריִענ.—„כאמעס זײַט איר, וואָס איר לאָזט מיכ ניט צורו!“ דעמלט זײַנענ די ייִנגלעכ אים באפאלנ און צעשלאָגנ. נאָכדעם איז ער עס געקומענ צום פאָטער און געפרעגט, צי איז גענוג צו זײַנ א מענטש, אינ דער האָפענונג, אז דער פאָטער אלײנ וועט בא אים פרעגנ צו וואָס ער דארפ עס וויסנ. נאָר דער פאָטער האָט ניט געפרעגט, אפנ קינדס פראגע ניט געענטפערט, און איז גאָר אוועק צו זיכ אינ קאבינעט, ווײַל זײַנ צוועלפיאָריק קינד האָט אים געבראכט צום געדאנק וועגנ שרײַבנ א װערק אפ דער טעמע „דער מענטש און זײַנע רעכט“.

עס איז אוועק א יאָר און, ווענ דער פראָפעסאָר האָט שוינ געהאט אָנגעקליבנ גענונ מאטעריאל צו דער נײַער טעמע „דער מענטש און זײַנע רעכט“, איז פארלאָפנ א געשעעניש, וואָס האָט אים געצוווּנגענ אפ א ווײַלע אָפלײגנ די ארבעט איבערנ נײַעמ װערק, ווײַל אים האָט זיכ אויסגעדוכט, אז ער קאָנ דאָ האָבנ נאָכ פרישנ און זײער וויכטיקנ מאטעריאל צו דער פראָבלעם, וואָס האָט אים איצט באשעפטיקט.

דאָס איז געווענ אזוי:

פונעמ יוסטיצ-מיניסטעריום האָט מענ ארויסגעפאָדערט זײַנ קאָנסולטאציע וועגנ א פארברעכנ פונ א פוילישער קאָמיוגישער אָרגאניזאציע, וואָס האָט זיכ פארנומענ מיט קאָמוניסטישער ראדיאָ-פראָפאגאנדע.

נאָר אומגעריכט האָט זיכ אינ דער ארבעט ארײַנגעמישט זײַנ זונ.

זײַנע דרײַצניאָריקער זון איז געקומען פון פּאַרק א צעשלאָגענער און דערנידעריקטער. דאָסמאָל האָט ער, ווײַזט אויס, ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון זײַן פאָטער די קלעפּ, וואָס ער האָט געכאַפּט. נאָר ער איז געווען אַזוי דערדריקט און פאַרניכטעט, אַז עס האָט גענומען א שטיקל צײַט ביז אים איז געלונגען צו דערציילן, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

ווען פּראָפעסאָר פּאַן יוזעף לאַגול־מלאַווסקי האָט זיך דערוווּסט, אַז זײַן זון רופט מען אין דער אַריסטאָקראַטישער שול „ליאַגיוס זשידזשיוס" (זשידישער הונט), אַז מע שלאָגט אים אָפּט, אַז מע דראָט אים מיטן טויט, אַז מע צווינגט אים שטיין אויף די קני פאַר דאָמבראָווסקי־קאָסטיושקאָס זון און זאָגן דערבײַ: „איך בין א ליאַגיוס־זשידזשיוס, איך בין א הונט, א גליטשיקער וואָרעם",—האָט זיך דעם פּראָפעסאָר אויסגעדוכט, אַז ער זעט א שווערן כאָלעם און ער האָט אויסגעשריגן:

— דאָס איז אוממעגלעך! דו ביסט קראַנק, ייִנגל!

ווען דאָס ייִנגל איז באַשטאַנען אויף זײַנס און זיך מוידע געווען דעם פאָטער, אַז נאָך מיט א יאָר צוריק האָט מען אים אָנגעהויבן שלאָגן דערפאַר, וואָס ער איז א ייִד, האָט דער פּראָפעסאָר נאָכאַמאָל, מיט נאָך מער קאַס אויסגעשריגן, אַז דאָס איז אוממעגלעך, אָבער אין א מינוט אַרום האָט ער זיך באַדאַכט און אַוועקגעשיקט א דעפּעשע צו זײַן פרוי אין זאַקאָפּאַנע, אַז זי זאָל קומען אַהיים, ווײַל זייער ייִנגל איז קראַנק. און, ווען אויך דאָס האָט אים ניט באַרויִקט, האָט ער א צורייצטער אָפּגעלייגט זײַן וויזיט אין יוסטיץ־מיניסטעריום, אַנידערגעזעצט זײַן זון אַנטקעגן זיך און גאַנץ גענוי און עמעסדיק אים דערציילט וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די מלאַווסקיס, וועגן דער צוואָע פון זײַן פאָטער, אַז זײַן זון, און זײַן זונס זון, און אַלע דורעס נאָך אים זאָלן היטן און טרײַ בלײַבן זייער פאָטערלאַנד פּוילן, און ער האָט אים אויך דערקלערט פאַרוואָס זיי דאַרפן אַזוי טאָן און ווי זיי דאַרפן עס טאָן.

— דו דאַרפסט וויסן דעם גאַנצן עמעס, סטאַשעק, געליבטער זון מײַנער. מיר לעבן אין א צײַט, ווען די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקײַט פון די פעלקער הויבט אָן ווערן א כימערע. צי קאָנען מיר זאָגן, אַז עס עקזיסטירט אויף דער וועלט ענגלישע, דײַטשישע, פּוילישע אָדער אַמעריקאַנישע עלעקטריצעט, לאָקאָמאָטיוון, אַעראָשיפן און דאָס גלײַכן? באַמערק, מײַן זון, איין וויכטיקע דערשײַנונג: דאָס מענטשלעכע געצײַג ווערט לעכאַטכילע געשאַפן אַלס ריין־מענטשלעכע, אינטערנאַציאָנאַלע ווערק. דער מענטש זאָרגט דערפאַר, אַז דער האַמער און די צוואַנג זאָלן זײַן גוט צוגעפּאַסט צו דער מענטשלעכער האַנט, וואָס איז אַלציינס געבויט באַם פּויל, טערק און ייִד, בא אַלע מענטשן. צי זײַנען פאַראַן ספּעציעלע טערקישע אָדער רומענישע אַקער־אײַזנס? ניין, זיי זײַנען ניטאָ. עס זײַנען פאַראַן הילצערנע אַקער־אײַזנס. זיי האָבן אָן אומגאַנג צווישן אָפּגעשטאַנענע פעלקער. עס זײַנען פאַראַן אײַזערנע אַקער־אײַזנס. זיי געפינען זיך אין די הענט פון מער אַנטוויקלטע פעלקער. אָבער דער פּרינציפּ פונעם מעסער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אויפאַקערן די ערד, אַז זי זאָל געבן ברויט—איז איינער און דערזעלבער. די ראָד איז ריין מענטשלעך. דער באַוועגער—דאָסגלײַכן. און הער מיך אויס נאָכאַמאָל: בא אַן אָפּגעשטאַנענע פאָלק איז די ראָד א הילצערנע און א גראָב געמאַכטע; בא א הויך אַנטוויקלטן

פאָלק—א מעטאלענע און פײַנ־געטאָקטע. דאָסגלײַכנ—די שטופ־שטאנג מיט דער הויב־שטאנג. דאָסגלײַכנ—די וויסנשאפט. ניטאָ קיינ דײַטשישע אָדער אמעריקאנישע מעדיצינ. פאראנ אנ אלמענטשלעכע לערע וועגנ מענטשלעכנ אָרגאניזמ און זײַנע קרענק. ניטאָ קיינ ענגלישע אָדער פראנצויזישע לערע וועגנ מאָלעקול און אטאָמ. פאראנ אנ אלמענטשלעכע לערע וועגנ געבוי פונ שטאָפ. געדענק, מײַנ געליבטער זונ, אז דאָס, וואָס אפ יעדנ פעקל נאָדלענ און אפ יעדנ בוכ קאָנסטו געפינענ דעמ נאָמענ פונעמ לאנד, ווו די נאָדל איז געמאכט געוואָרנ אָדער ווו דער בוכ איז גע־דרוקט געוואָרנ באטײַט בלויז, אז מענטשנ האָבנ ליב אָנצוגעבנ זייערע אדרעסנ. אָבער קיינ איינ נאָרמאלער מענטש פונ די אנטוויקלטע פעלקער וועט זיכ ניט זעצנ נייענ מיט א נאָדל געמאכט פונ א פיש־ביינ, ווענ ער קאָנ קריגנ א שטאָלענע נאָדל. אלזאָ, דער מענטש גייט צו פאָלקעמנהײַט ניט דורכ אָפגעזונדערטקײַט, נאָר דורכ פארייניקונג און נאָכאמונג. אונדזער זאָגענאנט פאָלק, די איזראעליטנ, האָבנ פארלוירנ זייער זעלבשטענדיקײַט, דאָס הייסט, זייער א גרויסנ טייל פונ זייער אָפ־געזונדערטקײַט נאָכ מיט טויזנטער יאָרנ צוריק און גראָד דאָס האָט ארויסגערוקט אונדזער פאָלק אינעמ אוואנגארד פונ דער ציוויליזירטער מענטשהײַט. אפ דײַנ פראגע: „צי איז גענוג צו זײַנ מענטש, אָדער מענ דארפ נאָכ דערצו זײַנ ייִד, טאָטער, האָטענטאָט״,—ענטפער איכ דיר קאטעגאָריש: יאָ, זונ, עס איז גענוג! דאָס איז די ווײַטערדיקע שטופע אינ דער אנטוויקלונג פונ דער מענטשהײַט.

ער האָט געערדט זייער לאנג, דעמ קינדס פאָטער. ער האָט אימ געבעטנ צו פארשטיינ, אז דאָס האָט אבסאָליוט ניט צו טאָנ מיט קאָמוניזמ, אז קאָמוניזמ איז א סאמ פארנ מענטשנ, ווײַל דאָס שאפט אימ א פאלשע אילוזיע; אז דער אינסטיטוט מעלוכע וועט נאָכ עקזיסטירנ זייער לאנג, אויב ניט אייביק, אז מעלוכע און נאציע—דאָס זײַנענ צוויי באזונדערע באגריפנ: נאציע הויבט שוינ אָנ ראש ארויפ־גיינ פונ דער סצענע, ווײַל די גרונט־שפײַז פונעמ נאציאָנאלנ געפיל איז געווענ די רעליגיע, און די רעליגיע צעגייט אינ די שטראלנ פונ דער וויסנשאפט, ווי דער שניי צעגייט אינ די שטראלנ פונ דער זונ; אז דער מענטש האָט אזוינס, וואָס איז ווערט פארגעטערט צו ווערנ, אָבער דאָס זײַנענ אלצ ערדישע זאכנ. דאָס ערשטע, וואָס דער מענטש (דער עכטער מענטש!) פארגעטערט איז—די היימאט, די געטרײַ־קײַט צו יענצ שטיקל ערד, וואָס האָט אימ געשפײַזט און אויסגעהאָדעוועט—דאָס איז דאָס אָרט; דאָס צווייטע, וואָס דער מענטש האָט צו פארגעטערנ—דאָס איז אנ־ציקונג און אכטונג און באהערשונג דערפונ, וואָס עס האָבנ ביז אימ אָפגעטאָנ זײַנע אורעלטערנ און פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר די קומענדיקע דוירעס,—דאָס איז די צײַט; דאָס דריטע, וואָס דעמ מענטשנ איז געגעבנ צו פארגעטערנ,—דאָס איז זײַנע אייגענע טעטיקײַט, זײַנ פעיִקײַט צופאסנ זיכ צו דער נאטור און די נאטור צו זײַנע באדערפענישנ,—דאָס איז דער רוימ; דאָס פערטע, וואָס דער מענטש איז מעכוייעוו צו פארגעטערנ איז די לעבנס־אָרדענונג, וואָס הונדערטער דוירעס ביז אימ האָבנ געשאפנ און געשליפנ,—דאָס איז די פערטע אויסמעסטונג אינ לעבנ, דאָס לייגט זיכ אויס און דרינגט דורכ אי דאָס אָרט, אי די צײַט, אי דעמ רוימ...

אפ די אומצופרידענע בליקנ פונ זײַנ זונ (ער האָט אינ דער מינוט ניט פאר־שטאנענ, אז די אומצופרידנקײַט אינ זײַנ זונס בליקנ שטאמענ דערפונ, וואָס דער

זונ פארשטייט ניט דעם פאָטערס רייד), האָט דער פראָפעסאָר געענטפערט מיט בײַע פאקטנ אונ היפאָטעזעס.

ער האָט אים אויכ דערציילט וועגנ זײַנ אייגנ לעבנ אונ געשטעלט אים אלס מוסטער זײַנע אייגענע פארדינסטנ פאר דער זשעטשעפּאָספּאָליטע.

— אפ דיר, סטאשעק, האָבנ שוינ געארבעט פיר דוירעס,—האָט ער פאָטערלעכ־מוסערדיק ווײַטער צו אים גערעדט,—זיי האָבנ מיט שווערע מי טראָפּנ נאָכ טראָפּנ געזאמלט דעם וווילטיק אונ די קולטור, וואָס איכ באזיצ אונ וועלכע ווארט אפ דיר, אז דו זאָלסט זי ווײַטער טראָגנ אונ פארמערנ.

ער האָט געעפנט דעם פענצטער אונ געוויזנ אים דעם דעמב, וואָס וואקסט אינ סאָד אלס סימוואָל; אז דער שטאם פונ די לאגול־מלאווסקיס איז ניט קיינ יונג רידטעלע, דאָס איז אנ אורא לטער דעמב, וואָס זויגט די זאפטנ פונ דער היגער ערד אונ ווערט באשײַנט דורכ די שטראלנ פונ דער מילדער זונ אונ שפרייט דאָ ווײַט ארום זיכ מענטשלעכקײַט, עכטע מענטשלעכקײַט, וואָס איז עפּעס מער פונ פוילישקײַט, יידישקײַט, טאָטערישקײַט...

ענדלעכ האָט ער זיכ אנטשולדיקט פארנ זונ, וואָס ער קאָנ ניט בלײַבנ דאָ מיט אים א גאנצנ אָוונט, ווײַל ער מוז גיינ אויספילנ א וויכטיקע מעלוכע־ארבעט: פארהערנ יונגע קאָמוניסטנ, וואָס האָבנ זיכ פארנומענ מיט פארברעכערישער פראָפּאַגאנדע דורכ דער ראדיאָ, פראָפּאגאנדע, וואָס האָט דעם ציל אומצוברענגענ די פוילישע מעלוכע.

מיטנ לעצטנ האָט זיכ דאָס יינגל פארינטערעסירט.

— פאפא,—האָט ער געפרעגט,—ווי האָבנ זיי עס געטאָנ?

— זיי האָבנ עס געטאָנ פארברעכעריש,—האָט דער פאָטער געענטפערט,—זיי האָבנ זיכ צוזאמענגעקליבנ צו צוואנציק־דרײַסיק מאנ אינ א שטוב אונ געהערט די באָלשעוויסטישע פראָפּאגאנדע אונ אײַנגעזאפט אינ זיכ די קאָמוניסטישע פעסט.

— זיי האָבנ געהאט א ספּעציעלע ראדיאָ־סטאנציע דערצו?

— מעגלעכ. זייער מעגלעכ. אָבער די מערהײַט האָט אופגענומענ דאָס, וואָס עס גייט פונעם באָלשעוויסטישנ לאגער, פונ דער סאָוודעפיע.

— דאָס קאָנ מענ דאָכ הערנ דורכ יעדער ראדיאָ?

— געוויס.

— דאָס קאָנ מענ דאָכ הערנ אויכ דורכ אונדזער ראדיאָ?

— יאָ, אָבער מיר לאדנ ניט אײַנ קיינ ארבעטער אונ כלאָפּעס צו אונדזער ראדיאָ, מיר זאָגנ זיי ניט, אז זיי פריידיקנ דעם עמעס פונ דער וועלט אונ דעם אידעאל פונ דער מענטשהײַט.

נאָר דאָ האָט זיכ זײַנ זונ דערשראָקנ, אז זײַנ פאָטער וועט ווידער אָנהייבנ ריידנ מיט אים, ווי א פראָפעסאָר—לאנגווײַליק אונ נודנע—אונ דאָס יינגל האָט פלינק א קערעווע געטאָנ דעם געשפרעכ אינ אנ אנדער ריכטונג, וואָס האָט אים אסאכ מער איצט באשעפטיקט.

— פאפא,—האָט ער געזאָגט,—וועגנ אונדזער אָפּשטאמונג האָב איכ נאָכ פריער געוווּסט, איידער דו האָסט עס מיר דערציילט.

— פונ וואנענ?—האָט דער פאָטער מיט אומרו געפרעגט.

— קאָסטיושקאָ־דאָמבראָווסקי האָט דערציילט פאַר זייַנע כאַווײרים און ער האָט ניט באַמערקט, אַז איכ שטיי דאָ, אָדער ער האָט אומיסטנ דערציילט אַזוי, אַז איכ זאָל עס הערנ.—אָט דערפאַר שלאָג איכ אים, האָט ער געזאָגט, וואָס ער איז אַ ליאַגיוס־זשידזשיוס און אַ פלעבײ נאָכ דערצו. מיר וועלנ אַלע אַריסטאָקראַטנ פונ מוישעס גלויבנ אַרויספירנ אַפ דער ליכטיקער שייַנ. זיי זייַנענ אַלע שמאַטע־קלייַבער!

— ליג ניט קיינ אַכט דערויף,—האָט דער פאָטער מיט באַהאַלטענער אַנגסט געזאָגט,—דו ביסט שוינ ניט פונ מוישעס גלויבנ...

— ווער דענ בינ איכ?—איז דאָס ייִנגל אופגעשפרונגענ.

— אַ מענטש, סטאַשעק, אַ פאָליאַק ביסטו אַפ וויפל דייַנע אור־אור־עלטערנ זייַנענ דאָ געבוירנ און זייערע לעבנס אָפגעלעבט דאָ.

— זיי ווילנ מיכ ניט פאַר קיינ פאָליאַק! זיי ווילנ ניט!—האָט דאָס ייִנגל געשריִענ מיט טרערנ פונ קאַס אינ די אויגנ.

— אַכ, מייַנ זונ,—האָט דער פאָטער פאַרלאָרנ צעפירט מיט די הענט,—איכ וועל עס דיר גענוי דערקלערנ... איכ האָב איצט קיינ צייַט ניט... דאָס זייַנענ אַלץ נאַרישקייַטנ... באַגאַטעליעס... נו, באַרויִק זיכ... נו, גיב אַ שמייכל, זונ, איכ זאָל קאָנענ גייַנ רויִק טאָנ מייַנ אַרבעט...

— נו, אויב דו ווילסט... פאַפאַ... נו, דיכ האָב איכ דאָכ ליב... זייער־זייער ליב... נו, אָט שמייכל איכ צו דיר, פאַפאַ...

— אָט איז אויסגעצייכנט... דו פאַרברענגסט צופיל אַליינ... דו וואָלסט געמאַכט אַ פאָר ווייַטע אויספלוגנ... אונדזער לאַנד איז שיינ... גרויס-פוילנ... דו האָסט גענוג טאַשנ-געלט, סטאַשעק?

— יאָ, יאָ, פאָטער,—האָט דאָס ייִנגל געענטפערט שוינ קאַלטלעכ,—איכ דאַנק זייער דעמ פאָטער,

— געדענקסטו מייַנ באַפעל דער קאָנטאָר? דו קאָנסט קריגנ יעדנ כוידעש דרייַ הונדערט זלאָטעס און פופציק אַמעריקאַנער דאָלאַר. עס קומט אָנ דער ליבער זומער, אַפ ווייַטע אויספלוגנ קאָנסטו זיכ נעמענ באַזונדער.

— יאָ, איכ באַקומ עס רעגולייר. איכ דאַנק זייער דעמ פאָטער,—האָט שוינ דאָס ייִנגל מעכאַניש גערעדט.

— האָסטו שוינ אַ גרויסנ קאַפּיטאַל?—האָט דער פאָטער לעביונגעריש אַ ווונק געטאָנ צום זונ מיט אַנ אויג.

— איכ האָב ליגנ פינפ טויזנט זלאָטעס מיט פינפ הונדערט דאָלאַר,—האָט דאָס ייִנגל געענטפערט שוינ קימאַט מיט אומגעדולד אינ דער שטימ.

— אויסגעצייכנט! קלייַבסטו זיכ אייַנשאַפנ עפעס רעכטס אַפ דעמ געלט!

— איכ ווייס ניט, פאַפאַ,—האָט דאָס ייִנגל שוינ צערייצט געענטפערט.—עפשער וועל איכווירקלעכ מאַכנ אַ ווייַטנ אויספלוג אַפ דעמ געלט.

— אָ, דאָס וואָלט געווענ פּרעכטיק!

און אַ באַרויִקטער, אַ גערירטער פונ דער גרויסער ליבע זייַנער צום זונ, איז דער פאָטער אַוועק אינ מיניסטעריום—פאַרהערנ די יונגע קאָמוניסטנ.

דאָס ייִנגל האָט זיכ דערפרייט. געייַלט האָט ער פאַרשלאָסנ די טיר, זיכ אַ וואָרפ געטאָנ צו דער ראַדיִאָ, אָנגעשטעלט זי אַפ דער סאָוועטישער כוואַליע און

האסטיק אונ היציק געטראכט וועגנ זיַינ וויַיטנ אויספלוג, וואָס ער וועט פאָרנעמענ, זייער מעגלעכ, אינ די גאָר נאָענסטע טעג.

די ראדיאָ האָט א לאנגע צײַט געכריפעט, געפײַפט, ווי ערגעצ אינ דער וועלט וואָלטנ וויוגעס געבושעוועט אונ די ראדיאָ דערטראָגט אהער זייער געיאָמער. נאָר דאָס ייִנגל האָט פאראקשנט אונ געדולדיק געדרייט דאָס הענטל, געזוכט אינ די רוימענ די סאָוועטישע כוואליע. ענדלעכ איז אימ געלונגענ. אפ דער פאָנ פונ פײַפערײַענ, כריפערײַענ אונ זאווערוכישנ געיאָמער, האָבנ זיכ גענומענ אויסקלאָרנ מונטערע, פריילעכע אונ שטארקע שטימענ. נאָכ א פאָר דריי פונ די ראדיאָ-הענטלעכ—אונ דער פאָנ איז ווי א לויטערער הימל ריינ געוואָרנ אונ אפנ לויטערנ הימל—א קלאָרער, א זאפטיקער, א פריילעכער געזאנג. די מעלאָדיק איז געווענ ניט זייער קיינ נײַע. סטאשעקנ האָט זיכ אפילע אויסגעדוכט, אז אייניקע מעלאָדיעס האָט ער ניט איינמאָל געהערט אפ די אָרעמע ווארשעווער גאסנ. אויכ די ווערטער זײַנענ געווענ ניט אינגאנצנ אומפארשטענדלעכע. געווענ אויסדריקנ, וואָס האָבנ שטארק דערמאָנט אָנ דער דײַטשישער שפראכ. ער האָט זיכ אָנגעשטויסנ, אז מיסטאָמע זינגט מענ עס אינ מאָסקווע אפ דער ראדיאָ ייִדישע לידער. אונ ווירקלעכ, אינ איבערײַס האָט ער זיכ דערוווסט, אז די מאָסקווער ראדיאָ גיט איצט איבער א קאָנצערט פונ פאָלקס-מוזיק פונ די פעלקער פונ פססר. נאָרוואָס איז פארענדיקט געוואָרנ דער ציקל ייִדישע פאָלקס-לידער.

סטאשעק איז געזעסנ ייִנגלש געהויקערט אונ געקוקט אפ דער ראדיאָ. די לידער האָבנ אימ ניט שטארק פארינטערעסירט. ער האָט פארבונדנ מיט דער ראדיאָ אומקלאָרע האָפענונגענ. ער האָט געווארט אפ דער באָלשעוויסטישער פראָפּאגאנדע. ער האָט געהאט די האָפענונג, אז אינ די באָלשעוויסטישע ווערטער וועט ער געפינענ אָנ ענטפער אפ די פראגנ, וואָס האָבנ אימ איצט געפײַניקט: צי איז ווייניק צו זײַנ א מענטש? צי דארפ מענ נאָכ דערצו זײַנ א פאָליאק, א ייִד, א רוס, א טאָטער? אונ ווי איז עס אינעמ באָלשעוויסטישנ לאגער? דאָרט פאָדערט מענ אויכ פונ יעדנ מענטשנ, אז ער זאָל זײַנ נאָכ עפעס? א רוס, אנ אוקראַינער, א ווײַסרוס? אונ ווי באגייענ זיכ דאָרט ייִנגלעכ איינער מיטנ אנדערנ? מע שלאָגט עמעצנ דערפאר, וואָס ער איז א ייִד צי א טאָטער, צי מענ שלאָגט בלויז דערפאר, וואָס מענ איז ניט קיינ באָלשעוויק?

נאָר די ראדיאָ האָט געשוויגנ.

אינ א מינוט ארומ האָט די ראדיאָ געמאָלדנ, אז דער צווייטער קאָנצערט פאָלקס-מוזיק וועט געגעבנ ווערנ דעמ קומענדיקנ מיטוואָכ. פארנ קאָנצערט וועט געגעבנ ווערנ א לעקציע: „די רעכט פונעמ מענטש אינ דער בורזשואזער אונ סאָציאַליסטישער מעלוכע“. סטאשעק איז אונטערגעשפרונגענ פאר פרייד אונ א דריי געטאָנ זיכ אינ א טאנצ איבערנ צימער. אינ דער לעקציע מוז ליגנ דער ענטפער אפ זײַנע פראגנ.

דינסטיק איז געקומענ די מוטער פונ זאקאָפּאנע.

מיטוואָכ האָט מענ סטאשעקנ ווידער צעשלאָגנ. אָבער דאָסמאָל איז ער געלאָפנ פונ די קלעפ, ווי פונ א רעגנ. זאָל דער רעגנ גיינ. אויב ער האָט אימ אביסל פארנעצט, וועט ער באלד קומענ אהיימ אונ זיכ איבערטאָנ אינ טרוקנס. דאָס

טרוקנס—די לעקציע וועגנ די מענטשלעכע רעכט, וואָס די באָלשעוויקעס וועלנ באלד האלטנ דורכ דער ראדיאָ.

ער איז אינ דעמ טאָג געווענ זייער פריילעכ אונ פאר דער מוטער האָט ער געלייקנט דאָס אלצ, וואָס ער האָט דערציילט דעמ פאָטער. ער האָט זי פארזיכערט, אז איינמאָל האָט עפעס יאָ פאסירט, אָבער דאָס איז באגאטעליא אונ אויב ער האָט געמאכט דערפונ א וועזנ איז עס געוויס דערפונ, ווײַל אינ יענעמ טאָג איז ער געווענ שלעכט געשטימט: זײַנס א הינטל האָט זיכ צוגעקילט אונ געכאפט א קאטער.

זײַנ פאָטער מיט דער מוטער זײַנענ דערפרייטע אוועק אינ דער אָפערא.

אונ סטאשעק, באוואָפנט מיט א דיקנ רוסיש־פוילישנ ווערטער־בוכ, איז געבליבנ בא דער ראדיאָ. אינ דער שול, ווו סטאשעק האָט זיכ געלערנט, האָט מענ כוצ די מײַרעוו־אייראָפייִשע שפראכנ גרינטלעכ געלערנט אויכ די רוסישע שפראכ. סטאשעק האָט זיכ באוואָפנט מיטנ ווערטער־בוכ אפ יעדנ פאל. די לעקציע איז געווענ א קורצע. פארשטאנענ האָט ער ניט אלצ, פונדעסטוועגנ האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אז אויב עס איז אנ עמעס, וואָס דער באָלשעוויסטישער פראָפעסאָר דערציילט, האָט ער שוינ, סטאשעק, אנ ענטפער אפ זײַנע פראגנ, יאָ, אינ באָלשעוויסטישנ לאגער, אָדער אינעמ סאָציאליסטישנ לאנד, ווי דער באָלשעוויסטישער פראָפעסאָר רופט אָנ זײַנ לאגער, האָט יעדער איינער מענטש די פולע רעכט צו נאָמינירנ זיכ פאָשעט אלס מענטש. מענטש—אונ מער גאָרניט! דאָס דארפ מענ קאָנטראָלירנ אפנ אָרט. ניטאָ וואָס צו סאָפעקנ, אז דער סאמע אינטערעסאנטסטער אויספלוג, וואָס עס קאָנ געמאָלט זײַנ הײַנטיקנ זומער, איז אנ אויספלוג אינ באָלשעוויסטישנ לאגער. דאָס, וואָס דער פאָטער וויל אפילע ניט הערנ וועגנ א טוריסט־רײַזע קיינ מאָסקווע—דאָס קאָנ ניט שטערנ. פאראיאָרנ האָט ער ניט געוואָלט, אונ הײַנטיקס יאָר קאָנ ער אײַנגיינ דערופ. ניינ! בעסער גאָרניט שטעלנ קיינ פראגנ דעמ פאָטער, ווײַל אויב ער וועט אויכ הײַנטיקס יאָר ניט מאסקימ זײַנ, וועט מענ האלטנ אפ אימ אנ אויג אונ ער וועט פונ די יערוזאלעמער אלייענ ניט קאָנענ זיכ ארויסרײַסנ. בעסער אָפטאָנ עס אליינ. אליינ? ניינ, פאראנ שמוגליארעס, וואָס פירנ אריבער איבער דער גרענעצ. צו קינדער האָבנ זיי דאָרטנ צוטרוי, אינעמ באָלשעוויסטישנ לאגער, רוסיש קאָנ ער גוט, רוסיש געלט וועט ער זיכ אײַנשאפנ. גוט. אלצ איז אינ דער בעסטער אָרדענונג! אָט וועט עס דער פאָטער זײַנ איבעראשט, ווענ ער וועט באקומענ פונ אימ א בריוו מיט א מאָסקווער פאָסט־שטעמפל!

די לעקציע האָט זיכ געענדיקט.

עס האָט זיכ אָנגעהויבנ דער קאָנצערט.

א ברייטע שטימ, א הארציקע, ברוסטיקע פרויענ־שטימ, ווי א ברייטער טײַכ האָט א פלייצ געטאָנ דורכ דער ראדיאָ. דאָס איז געווענ א רוסיש ליד טאקע וועגנ טײַכ וואָלגא. סטאשעק האָט אויסגעשלאָסנ די ראדיאָ. נו, דאָס וועט ער שוינ הערנ אפנ אָרט.

וועלכע זשע שמוגליארעס נעמט מענ, אז זיי זאָלנ טאקע גלאט אונ גיכ אריבערשמוגלענ אריבער דער גרענעצ?

אהא! פאראנ או אייצע! בא דער גרענעצ וווינענ די אָרעמע קרויווים פונ זייער שטאם. זיי זײַנענ פורמאנעס אונ שמוגליארעס. זייער פאמיליע איז באלעגולע. ער וועט זיכ נאָכפרעגנ אפ דער פאמיליע.

דאָנערשטיק האָט קאָסטיושקאָ־דאָמבראָווסקי דער ייִנגערער באקומענ א היימישנ אויסרייד מיט אנ אָנווײַזונג, אז סטאשעק לאגול־מלאווסקי איז ניט קיינ ייִד.

דער יונגער דאָמבראָווסקי האָט געוואָלט דערווידערנ זײַנ פאָטער, אז סטאשעק איז אָבער אויכ ניט קיינ פאָליאק, ניט קיינ קאטויל, אז ער הייסט איצקע אונ ער איז א זשידזשיוס ליאגיוס אונ א פלעביי אונ אז ער וועט אימ אפ ווײַטער אויכ שלאָגנ. נאָר דער אלטער דאָמבראָווסקי האָט מיט רעזאָנ גענומענ אויסרעכענענ די אלע פארדינסטנ פאר דער פוילישער רעפובליק, וואָס עס האָט דער פאנ יוזעפ לאגול־מלאווסקי, דערבײַ האָט ער גערעדט מיט א טאָנ, וואָס עס דערלאָזט ניט קיינ שומ דערווידערונג אונ, דעריקער, דער יונגער דאָמבראָווסקי האָט אינ זײַנ פאָטערס טאָנ געכאפט דעמ באהאלטענעמ אונטערקלאנג, אז „איכ מוז דיר מאכנ דעמ פאָרוואורפ, אָבער דו פיר זיכ אופ, ווי עס פאסט פאר א פאָליאק“ אונ דער יונגער דאָמבראָווסקי האָט געשוויגנ אונ געטראכט, אז אנטקעגנ דעמ „איצקענ“ מוז מענ אָנעמענ נײַע, שטארקערע רעפרעסיעס.

אינ דרײַ טעג ארומ איז סטאשעקס מוטער צוריק אוועקגעפאָרנ אינ זאקאָפאנע, זייער א צופרידענע דערפונ, וואָס זי מיט אירע פארבינדונגענ האָט אינ איינ וואָכ זיכ דערשלאָגנ, אז דער יונגער דאָמבראָווסקי זאָל באקומענ אנ אויסרייד אונ א וואָרענונג פונ זײַנ אייגענעמ פאָטער.

אינ א וואָכ ארומ נאָכנ אויסרייד האָט קאָסטיושקאָ־דאָמבראָווסקי דער יונגער ווידעראמאָל צעשלאָגנ סטאשעקנ אונ אימ געוואָרנט, אז פונ איצט אָנ וועט ער אימ שלאָגנ אלע דאָנערשטיק, אויב ער וועט ניט טומלענ. אויב ער וועט יאָ טומלענ, וועט מענ אימ ארויסטרײַבנ פונ דער שול, וועט ער זיכ לערנענ אינ כעדער בא א פארשיווג רעבנ מיט די פארשיווע סרולס.

דאָס האָט געפעסטיקט סטאשעקנ אינ זײַנ באשלוס צו מאכנ דעמ ווײַטנ אויספלוג טאקע נאָר אינ סאָוועטנפארבאנד אונ עס האָט אויכ פארגיכערט דעמ טאָג פונ זײַנ אָפפאָרנ.

דעמ קומענדיקנ מיטוואָכ האָט סטאשעק דורכ זײַנ ראדיאָ ווידער געקאָנט הערנ א לעקציע מיט א קאָנצערט פונ מאָסקווע. אָבער ער האָט שוינ דערופ ניט געווארט. שאבעס אינ אָוונט האָט ער אָנגעזאָגט די דינערשאפט, אז ער פאָרט אוועק אפ זונטיק אויסער דער שטאָט. ער האָט זיכ ארײַנגעלייגט אינ בײַטל זײַנ גאנצנ האר־מעגנ אונ איז אוועק צו דער באנ.

ער איז געפאָרנ צו דער גרענעצ.

אינ דעמ בײַגרענעצ־שטעטל איז ער אָנגעקומענ זונטיק פארנאכט. ער איז גלײַ אוועק זוכנ דעמ ייִדנ מיט דער פאמיליע באלעגולע. אינ א פארוואָרפנ געסל האָ מענ אימ געוויזנ די שטוב, ווו עס וווינט איטשע־מייער באלעגולע. פאר דע שטוב איז אפ א באנק געזעסנ איינער אנ אלטער ייִד מיט א לאנגער געלער באָרד סטאשעק האָט מוירע געהאט צוגיינ צו אימ, אזוי שטארק אויסגעדארט איז געווע

דער מענטש. עס איז אים געווען א כידעש, ווי האלט זיך אזא לֿאנגע שווערע באָרד אפ איינע ביינער.

דער ייִד האָט געקוקט אפ אים מיט יענעם גלײַכגילטיקן כשאד, וואָס מען קאָן טרעפֿן בא מענטשן גאָר אינגאנצן פארצווייפֿלטע, אזעלכע, וואָס האלטן, אז עס איז שוין ניטאָ יענע צאָרע אפ דער וועלט, וואָס זיי זאָלן ניט האָבן פארזוכט. פונדעסטוועגן האָבן זיי דעם נייגיר צו וויסן: וואָס נאָך פאר אן אָנשיקעניש גייט אפ זיי?

אפ צו דערוויסן זיך, וואָס פארא נײַע אָנשיקעניש איז אפ אים געקומען, האָט דער ייִד א רופֿ געטאָן סטאשעקן צו זיך:

— וועמען זוכסטו, פאניטשל?

סטאשעק איז צוגעגאנגען צום ייִדן, ארויסגענומען דאָס בײַטל מיט געלט, געפרעגט:

— אײַך רופט מען איטשע-מייער באלעגולע?

— יאָ, מיך רופט מען אזוי.

— איך בין אײַערער א קאָרעוו. איך בין יוזעפ מלאווסקיס א זון פון ווארשע. נעמט דאָס געלט.

דער ייִד האָט זיך דערשראָקן.

— קומט אין שטוב ארײַן, — האָט ער געזאָגט און קוים פון אָרט זיך אופגעהויבן.

— וואָס ווילסטו? — האָט ער אין שטוב בא אים געפרעגט.

— איך וויל קיין רוסלאנד. נעמט דאָס געלט.

דער ייִד האָט זיך צוגעזעצט. אָבער אויך זיצנדיק האָט אים געוואָרפן הענט און פיס — א שרעק, וויפֿל געלט דאָס ייִנגל האָט אים פאָרגעלייגט! פון שרעק האָט ער שיר ניט פארלאָרן דאָס לשון. ער האָט געשטאמלט:

— יאָ, יאָ... איך בין באלעגולע... פון די מלאווער באלעגולעס... ווער איז דײַן טאטע, זאָגסטו? יוזעפ? יאָסיפ? יאָסיפ אווראָם-מייערס? דער אדוואָקאט? ווײַז, וויפֿל געלט האָסטו דאָ... אסאך גע-עלט... אססאך געלט... — האָט ער געטרייסלט מיטן קאָפּ.

ביז באנאכט האָט מען דאָס ייִנגל געהאלטן פארשלאָסן אין א פינצטערן קאמער. הינטער דעם דינעם ווענטל האָבן זיך געהערט אסאך שושקערײַען, פול מיט שרעק און היץ.

אין אָוונט האָט מען דעם ייִנגל ארײַנגעטראָגן א שטיקל קוילעטש מיט א פולקע פון אן אָפּ. מען האָט אָנגעצונדן א קליין לעמפל און דאָס ייִנגל האָט געזען, אז מען האָט אים פארשפארט אין א שפּײַז-קאמער, וואָס איז פול געווען מיט ווילגאָטש און מויזן-קאל. אז ער האָט געהאט אופגעגעסן דעם שטיקל קוילעטש מיט דער פולקע, האָט מען אים דערלאנגט א וואסערדיקע גלאָז קאווע מיט א שטיקל פארטריקנט קעז-קוכן. דער קעז אפן קוכן איז געווען שטארק זויער און דאָס ייִנגל האָט עס ניט געגעסן, ער האָט עס צעברעקלט און צעשאָטן אין די ווינקעלעך, אז די מײַז זאָלן עס עסן און לאָזן אים צורו.

נאָכ האלבער נאכט האָט מען אים פארבונדן די אויגן מיט א טיכל און ער האָט דערפילט אינ זײַנ האנט דארע ביינערדיקע פינגער, וואָס ער האָט מוירע גע־האט שטארק דריקן, ווײַל אים האָט זיכ געדוכט, אז זיי וועלן זיכ איבערברעכן. כוץ דעם איז אים שטארק ניט אנגענעם געווען צו האלטן אינ זײַנ האנט דינע שטעקעלעכ, באצויגן מיט א מענטשלעכער הויט.

— בינדט מיר אָפּ די אויגן, וועל איכ אליינ גיינ,—האָט זיכ דאָס ייִנגל געבעטן.

— ניינ, ניינ, דאָס טאָר מען ניט,—האָט דאָס ייִנגל דערקאָנט דעם אלטנס שטים.—האלט מיכ שטײַפער בא דער האנט. דאָ איז ניט ווייכ.

זיי האָבן זיכ געהאלטן בא די הענט און זײַנען געלאָפן, אנטקעגן האָט געגאָסן א מעכײַעדיקער מאיאָווער נאכט־רעגן, וואָס גייט ארויס אפ דער וועלט, ווי דער אופראמער—באשפריצן, אויסוואשן, אופראמען און אָפּפרישן די פעלדער מיט די וועלדער.

ווען עס איז געבליבן אנ ערעכ דרײַ וויאָרסט צו דער סאָוועטישער גרענעץ האָט מען זיי אָנגעהויבן נאָכיאָגן. דער אלטער האָט לעכאטכילע דערשפירט מיטן איינעם כוש—קיינע שום גערוישן האָט א געוויינלעכער מענטשלעכער אויער דער־ווײַל ניט געקאָנט אופכאפן. דער אלטער איז נאָכ האסטיקער אוועקגעלאָפן און נאָכ שטארקער געצויגן נאָכ זיכ דאָס ייִנגל. אינ גלאפ האָט ער זיכ אָנגעבייגן צו זײַנ אויער און אים ארײַנגעשעפטשעט:

— קיינ פיפס טאָר מען בא אזעלכע זאכן ניט ארויסלאָזן... מיט די פיס ניט הילכן... אינדערלופטן דארפ מען שוועבן... שטומערהייט...

דאָס ייִנגל האָט זיכ געסטארעט שוועבן אינדערלופטן שטומערהייט. צו הילכיק האָט נאָר געקלאפט זײַנ הארצ. דאָס האָט ער ניט געקאָנט אנדערש מאכן. דער האסטיקער גלאפ האָט געפאָדערט אנ אָפּטן, האסטיקן אָטעם.

דער ערשטער שאָס איז פארן ייִנגל געקומען זייער אומגעריכטערהייט. ער האָט זיכ א צי געטאָן צום אלטן און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס? עס איז נאָכ ווײַט?

— ששש...—האָט זיכ דער אלטער צעשיקעט און איז אוועקגעפאלן אפ דער ערד און מיטגעצויגן מיט זיכ דאָס ייִנגל. אפ דער ערד ליגנדיק האָט דער אלטער ארײַנגערוימט דעם ייִנגל אינ אויער ארײַנ:—דאָס זײַנען מיר נאָכ דאָ, בא זיכ... צו די גדולים איז געבליבן א וויאָרסט דרײַ... ליג... דער רעגן דינט אונדז...

דער רעגן האָט זיכ געשטארקט. אָבער דעם ייִדן האָט זיכ פלוצלינג אָנגעהויבן אויסדוכטן, אז דער רעגן האלט באם סאָפּ און אָט גייט ארויס די לעוואָנע פונ אונטער די וואָלקנס און אלץ איז פארפאלן. אינ שרעק האָט ער זיכ א הויב געטאָן פונ דער ערד, מיטגעריסן מיט זיכ דאָס ייִנגל, און איז ווידער אוועקגעלאָפן. דער ייִד האָט קיינ טאָעס ניט געהאט: דער רעגן האָט אינ קורצן טאקע ווירקלעכ אופגעהערט, די לעוואָנע האָט זיכ טאקע באוויזן פונ אונטער די וואָלקנס אפער, און עס האָבן זיכ ווידער דערהערט עטלעכע שאָסן מיטאמאָל. דער ייִד איז ווידער אוועקגעפאלן און מער שוינ ניט געקאָנט זיכ אופהויבן. דאָס ייִנגל האָט אײַנגעביסן

די ליפּנ ביז בלוט. א הויב געטאָנ די האנט אראָפּצוריַסנ פונ די אויגנ די בינדע, אָבער ניט באוויזנ דאָס צו טאָנ—ער איז אויכ אנידערגעפאלנ נעבנ יידנ.

אונ אינ איינע דרײַ טעג ארומ האָט דער פאָטער מיטנ זונ ווידער זיכ באגעגנט.

פראָפעסאָר פאנ יוזעפ לאגול־מלאווסקי איז געשטאנענ אינ טפּיסע־שפּיטאָל בא דער בעט פונ זײַנ זונ. ער האָט שוינ אלצ געוווּסט,—דער טפּיסע־כירורג האָט אימ זייער ליבנסווירדיק אונ פײַנלעכ לאנגזאמ דערציילט די גאנצע געשיכטע פונ זײַנ יינגלס פלוג צו דער גרענעצ. ער האָט אימ געגעבנ אָנצוהערנ, אז עס איז זייער מעגלעכ, אז סטאשעקס ווילנ צו גאנווענענ די גרענעצ איז פארבונדנ גראָד מיט די פארברעכנס, וואָס עס האָבנ אָפּגעטאָנ די יונגע קאָמוניסטנ, וועלכע דער געשעצטער הער פּראָפעסאָר פאנ יוזעפ לאגול־מלאווסקי וועט דארפנ ארויספירנ אפ דער ליכטקער שײַנ.

— גאָט אונדזערער הייליקער,—האָט דער כירורג פארהויבנ זײַנע אויגנ צומ הימל אונ אראָפּגעלאָזט זײַנע לאנגע גרויע וואָנצעס צו דער ערד,—צי באנעמט דער פאנ פּראָפעסאָר די צײַט אינ וועלכער מיר לעבנ? דאָס קינד גייט קעגנ פאָטער אונ דעמ פאָטער וועט אויסקומענ צו מישפּעטנ זײַנ קינד, ווי דאָס האָט געטאָנ דער בארבארישער רוסישער קייסער פּיאָטר דער ערשטער...

— דאָקטאָר,—האָט אימ פּראָפעסאָר מלאווסקי איבערגעריסנ,—ווי איז זײַנ צושטאנד?

— שווער, שווער איז זײַנ צושטאנד,—האָט דער כירורג געײַלט געענטפערט.—איר זײַט זײַנ פאָטער אונ איכ האָב קיינ רעכט ניט צו לייקענענ... די לינקע פוס איז אמפּוטירט... אָבער צי וועט עס העלפנ? גאנגרענאָזע דערשײַנונגענ לאָזנ זיכ מערקנ... גאָט מײַנ הייליקער! ער איז דאָכ א מעסלעס געלעגנ בא דער גרענעצ אָנ קוואליפיצירטער הילפ...

פּראָפעסאָר מלאווסקי האָט זיכ אָפּגעקערט, ווײַל אימ האָט זיכ געדוכט, אז אויב ער וועט נאָכ איינ רעגע קוקנ אפנ כירורג, וועט ער ניט אויסהאלטנ, ארומכאפּנ יענעמ בא די אקסל אונ זיכ צעיאָמערנ אפ זײַנ ברוסט. ער האָט זיכ אָפּגעקערט אונ איז אוועק. ער האָט געוווּסט, אז בעטנ דעמ כירורג, אז יענער זאָל טאָנ אלצ, וואָס מעגלעכ איז אפ ראטעווענ זײַנ זונ איז איבעריק, ווײַל דער כירורג האָט שוינ געקריגנ די שטרענגסטע פאראָרדענונג פונ מיניסטעריומ צו דערהאלטנ באמ לעבנ דאָס יינגל, אומ וואָס עס זאָל ניט גיינ. פּראָפעסאָר מלאווסקי האָט גוט פארשטאנענ, אז די פאראָרדענונג, וואָס עס האָט געמאכט דער מיניסטער, זוכט ניט אזוי ווײַט צו באשיצנ זײַנע, פּראָפעסאָר מלאווסקיס, פאָטערלעכע אינטערעסנ, ווי די אינטערעסנ פונעמ לאנד: מענ דארפ אומקערנ דאָס יינגל צומ לעבנ אונ מענ דארפ זיכ געוויר דערוויסנ: וואָס האָט אימ געטריבנ צו דער גרענעצ? ווו איז די פארברעכערישע באנדע, וואָס האָט אימ געשיקט אינ באָלשעוויסטישנ לאגער? אונ פּראָפעסאָר מלאווסקי איז געווענ זיכער, אז אויב עס איז נאָר דאָ א מעגלעכקײַט צו אומקערנ זײַנ יינגל דאָס לעבנ, וועט דאָס געטאָנ ווערנ אָנ אימ. אונ ער איז אוועק. ער האָט אינ דעמ זעלבנ טאָג זיכ דערשלאָגנ אנ אופנאמ באמ מיניסטער. ער האָט אימ אָפנ דערקלערט, אז ער ווייס, אז זײַנ זונ האָט אפ זיכ געוואָרפנ א פּאָליטישנ פאר־

דאכט מיט זײַנ פלוג צו דער גרענעצ. אָבער ער, לעגיאָנער יוזעפ לאגול־מלאווסקי, ווייס די ריכטיקע סיבע.

און ער האָט אים דערציילט וועגנ קאָסטיושקאָ־דאָמבראָווסקיס אָנפאלנ אפ זײַנ סטאשעקנ.

דער מיניסטער האָט אים אויסגעהערט מימ יענעמ מיטגעפיל און מיט יענער גרייטקײַט צו העלפנ, וואָס האָט אים גלײַכ איבערצײַגט, אז זײַנ ייִנגל איז שוינ אויסער כשאד און די געשיכטע מיט די געשלעגנ אינ דער שול איז דעמ מיניסטער שוינ באוווסט נאָכ בעסער ווי אים.

— יאָ,—האָט זיכ דער מיניסטער פונ זײַנ אָרט אופגעהויבנ און דאָס האָט גע־קאָנט באטײַטנ, אז דער אוידיִענצ איז געענדיקט,—דאָס אלצ, וואָס דער פאנ פראָפע־סאָר דערציילט איז ריינע וואָרהײַט, מיר איז עס גענוי באוווסט, און זאָל דער פאנ פראָפעסאָר זײַנ רויִק. עס איז אָפגעגעבנ געוואָרנ א פאראָרדענונג צו אומקערנ דאָס קינד צומ לעבנ. עס איז אָפגעגעבנ געוואָרנ א פאראָרדענונג אריבערצופירנ אײַער קינד פונ טפיסע־שפיטאָל אינ שפיטאָל פונעמ הייליקנ קינד יעזוס. דער פאנ פראָפעסאָר דארפ ניט האָבנ קיינ אנגסט און ער קאָנ קריגנ א וואָכ אורלויב, ניט פארנעמענ זיכ מיט דער אויספאָרשונג וועגנ די יונגע באָלשעוויקעס, אָדער,—דער מיניסטער האָט א פרײַנטלעכנ שמייכל געטאָנ,—דער פאנ פראָפעסאָר קאָנ איבער־געבנ דעמ אינינע...

דער מיניסטער האָט זיכ אָפגעשטעלט, אויסגעווארט, און עס האָט אויסגעזעג, אז ער האלט זיכ אנ אייצע מיטנ פראָפעסאָר מלאווסקי: איבערגעבנ, צי ניט איבער־געבנ עמעצנ אנדערש דעמ אינינע וועגנ דער באָלשעוויסטישער פראָפאגאנדע.

פראָפעסאָר מלאווסקי האָט זיכ גוט באנוצט מיט אָט־דער מיניסטערשער פאוזע.

— ניינ,—האָט ער געזאָגט אנטשלאָסנ,—אויב אײַער עקסעלענצ וועט דערלויבנ, וועל איכ ווײַטער פירנ די אויספאָרשונג. אויב אײַער עקסעלענצ וועט דערלויבנ... מײַנ פאָטער־הארצ איז געבראָכנ, אָבער... איכ בינ ניט נאָר פאָטער, איכ בינ אויכ זונ פונ מײַנ פאָטערלאנד פוילנ...

— אויסגעצייכנט, אויסגעצייכנט!—האָט דער מיניסטער דערלאנגט זײַנ האנט דעמ פראָפעסאָר.

און פראָפעסאָר מלאווסקי איז ארויס פונ מיניסטערס קאבינעט א גלײַכער און א שטאָלצער מיט יענעמ מאָביליזירטנ מוט אינ זיכ, וואָס מענ קאָנ טרעפנ בא יעדנ ניט שוואכנ מענטשנ אינ דער צײַט פונ אנ אומגליק.

ער איז אוועק צו זיכ אינ דער ביוראָ און באשלאָסנ מיט א באזונדער פלײַס זיכ נעמענ פאר דער אויספאָרשונג וועגנ דער באָלשעוויסטישער פראָפאגאנדע, וואָס עס האָבנ געפירט די יונגע קאָמוניסטנ.

אָבער דאָס איז אימ ניט געלונגענ. בייסנ דורכקוקנ די פאפירנ און אפילע בייסנ פארהערנ די קאָמיוגיסטנ, האָט ער זיכ ניט געקאָנט באפרײַענ פונעמ געדאנק, אז ער פארלירט זײַנ ייִנגל. און וואָס וועט ער טאָנ נאָכדעמ, ווי ער וועט אימ פארלירנ? ער האָט אויכ ניט געקאָנט באשליסנ די פראגע, וואָס צו טאָנ מיט דער פרוי, וואָס זיצט אינ זאקאָפאנע—ארויסרופנ זי צי ניט ארויסרופנ? זי איז דאָס ערשטע מאָל געקומענ אויכ זייער ניט גערנ.

— אַך, מײַן גאָט,—האָט זי אים פאָרגעוואָרפן,—צוליב נארישקייטן רייסטו איבער מײַן קוראַציע...

— אָבער דאָס איז דאָך ניט קיין נאַרישקײַט?—האָט פראָפעסאָר מלאָווסקי אויסגעשריען.

דער יונגער קאָמוניסט, וואָס איז אנטקעגן אים געזעסן, האָט זייער דערשטוינט א קוק געטאָן אף אים און עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט:

— איך פארשטיי ניט די פראגע פונעם אויספאָרשער.

פראָפעסאָר מלאָווסקי האָט געקוקט אפן קאָמיוגיסט, זיך געכאַפט, אז ער האָט גערעדט צו אים ניט צו דער זאַך און פארגלעט:

— איך מיין צו זאָגן, אז פירן פראָפאַגאַנדע אף ארונטערצורײַסן די הערשנדיקע אָרדענונג איז אן אקציע און ניט קיין קלייניקייט. צי דער פאַן שמולעק קאַמאַשנשטעפער מיינט אנדערש?

— געוויס איז דאָס ניט קיין קלייניקייט,—האָט שמולעק קאַמאַשנשטעפער געענטפערט מיט א גרינגשעצערישן קוועטש מיט די אקסלען.

נאָר פראָפעסאָר מלאָווסקי האָט אים קימאַט ווי ניט געהערט. ער האָט געקוקט אפן יונגן באָכער, וואָס האָט געהאַט זייער אן אָפן און קלוג פּאָנעם און אים איז פּלוצלינג אײַנגעפאַלן, אז דער בעסטער מיטל צו אנטשיידן די פראַגן, וואָס פּײַניקן אים איצט וואָלט געווען—זיך אופהייבן פון אָרט און אזוי זאָגן:

— הער, דו, שמולעק קאַמאַשנשטעפער פון דער קאַרמעליצקאַ גאַס, גיב מיר אן אייצע וואָס צו טאָן: מײַן יינגל ליגט אפן טויטן־בעט אינעם שפּיטאָל פונעם הייליקן קינד יעזוס. מײַן פרוי זיצט אין זאַקאָפּאַנע. זאָל איך זי ארויסרופן? און אויב מײַן יינגל וועט שטאַרבן, וואָס זאָל איך דערנאָכדעם טאָן? דו ווייסט, ווי איך האָב ליב מײַן יינגל? נו, אָט טרעפט זיך אזא מעשוגענער פאָטער, וואָס האָט אזוי ליב זײַן יינגל, אז ער איז גרייט פאַר אים דאָס לעבן אָפּגעבן. איז וואָס זאָל טאָן אזא פאָטער, ווען זײַן יינגל שטאַרבט? גיב אן אייצע, שמולעק קאַמאַשנשטעפער פון דער קאַרמעליצקאַ גאַס. איך זע, דו האָסט אן אָפן און קלוג פּאָנעם. איך וועל דיך פאָלגן!

פראָפעסאָר מלאָווסקי האָט זיךווירקלעך אופגעהויבן פון זײַן אָרט. ער האָט זיך דורכגעשפּאַצירט הין און צוריק איבערן צימער און ארײַנגערוקט אלע צען פינגער אין די שיטערווײַרנדיקע האָר—ער האָט איצט אינערלעך א שוידער געטאָן, ווײַל אים האָט זיך געדוכט, אז ער גייט אראָפּ פון זינען.

פונדעסטוועגן איז ער צוגעגאַנגען נאָענט צום דערשטוינטן שמולעק קאַמאַשנשטעפער און אויסערלעך גאַנץ רויִק אים געזאָגט:

— פארשטייט דאָך שוין שמולעק קאַמאַשנשטעפער אליין, אז אויב די אקציע—איך מיין די באָלשעוויסטישע פראָפּאַגאַנדע—איז ניט קיין קלייניקייט, מוז אויך די שטראָף דערפאַר זײַן ניט... קיין קלייניקייט.

שמולעק קאַמאַשנשטעפער האָט געזען, אז דער אויספאָרשער רעדט הײַנט ניט צו דער זאַך. האָט ער זיך דערלויבט א שפּיל טאָן זיך מיט אים. ער האָט אזוי געזאָגט:

— זאָל מיר דערלויבט זייַן צו זאָגן, אז אויב מיר וועלן אָננעמען דעם טעזיס פונעם פאַן פּראָפעסאָר, קאָנען מיר ווײַטער ציִען די קאָנזעקווענץ: און אויב די שטראָף וועט זייַן... ניט קיין קלייניקייַט, וועט די קעגן־אקציע, וואָס וועט קומען אלס ענטפער אף די רעפּרעסיעס קעגן פרייַהייַט פון געדאנק זייַן... אוודאי ניט קיין קלייניקייַט. אין דער לעצטער שורע וועט עס דערפירן צו א בירגער־קריג. צי דער פאַן פּראָפעסאָר מיינט אנדערש?

פּראָפעסאָר מלאַווסקי' האָט א דערשטוינטער זיך אָפּגעשטעלט אף א ווײַלע קעגן דעם קאָמיוגיסט, און זיך פּלוצלינג א וואָרף געטאָן צום טיש, אריַינגעקוקט אין דער פּאַפּקע, געפונען: „יאָ, דער שמולעק איז אלט נייַנצן יאָר. גאָט מייַנער! טאַבאַק אף פינף יאָר מיט עפּעס עלטער פאַר סטאַשעקן. ווי זיי וואַקסן עס, די יונגע פילאָזאָפן, אף דער קאַרמעליצקאַ גאַס!"

ער האָט אָנגעקוועטשט א טיש־קנעפּל. דער קאָמיוגיסט האָט פאַרשטאַנען, אז דער פאַרהער איז פאַרענדיקט. ער האָט ניט געוואָלט אוועק פונעם אויספאָרשער אָן אַן ענטפער. און ער האָב גראָבלעך, אָפּן־כּוויזעקדיק געזאָגט:

— זאָל איך פאַרשטיין, אז דאָס, וואָס דער פאַן אויספאָרשער שווייַגט, באַטייַט, אז ער איז מסכּים מיט מיר?

— פאַרענדיקט,— האָט דער אויספאָרשער אומגעדולדיק געענטפערט.— מיר וועלן זיך נאָך זען.

ער האָט מער קיינעם ניט ארויסגערופן, ניט אופגענומען. ער האָט אין הארצן גערעכט געגעבן דעם מיניסטער: יאָ, ער מוז זיך נעמען אורלויב. מיט אזא צו־שטאַנד קאָן מען די ארבעט ניט פירן.

ער איז אוועק צופוס אהיים.

דרויסן האָט ער זיך דערפילט אביסל בעסער. די גאסן זייַנען פול געווען מיט געוויינלעכן נאָכמיטיקדיקן טומל און פּראָפעסאָר מלאַווסקי האָט זיך דערפילט מיט עפּעס פאַרבונדן מיט אָט־דעם גאַס־טומל — דאָ זייַנען פאַרבייַ זייַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן, און אים האָט זיך פּלוצלינג אויסגעוויזן, אז עס איז גאָרניט ניט געשען, אז זייַן געהער האָט אים אָפּגענאַרט: מען האָט קיין פוס בא זייַן יינגל ניט אמ־פּוטירט, מען פאַרהאַלט אים פּאַשעט אף קלאָר מאכן די זאַך. נו, יאָ! עס איז דאָך אומעגלעך! אך, מייַן גאָט! ער האָט דאָך אפילע זייַן יינגל ניט געזען. עס איז גע־שלאָפן, זייַן קינד. ניין, ניין! דער כירורג האָט ניט דערמאָנט אפילע וועגן אמפּר־טאַציע. נערוון! נערוון! דאָס האָט זיך אים בלויז אויסגעדוכט!

און ער איז אוועקגעלאָפן צופוס,— אים האָט אויסגעוויזן, אז צופוס וועט ער קומען גיכער אין שפּיטאָל פונעם הייליקן קינד יעזוס.

פונעם שפּיטאָל־טויער איז ער ארויס א געהויקערטער און געעלטערטער, אָן א הוט, א בלינדער פון טרערן.

דאָס יינגל איז געשטאָרבן.

עס איז געווען אָווענט. אהיים האָט ער מוירע געהאַט צו גיין. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אז אינדערהיים וועט ער קריכן אף די ווענט. ער איז אוועק מיט די

יערוזאלעמער אלייען, איז אריבער דעם בריק איבערן ווײַסל, דורכגעשפּאַצירט גאַנץ פּראַגע, איז אוועק אינ׳ן פּאַרק.

ער האָט זיך אנידערגעזעצט אף א באנק. פונעם נאכט־באר האָט זיך דערטראָגן אהער א געטומל, וואָס איז געווען א געמיש פון דזשאַז־מוזיק, געשיר־געקלונג, פיס־שמאָדערײַ פון די טאנצנדיקע, הילכיקע קלעפּ פון ארויסגעצויגענע פּראָפּנס פון פלעשער. איבער דעם אלעם האָט געוועלטיקט א ווייכע פרויען־שטים. זי האָט ייִעשדיק־גלײַכגילטיק געזונגען איר טאנגאָ־ליד.

פּראָפעסאָר מלאווסקי איז אוועק ווײַטער, טיפער אינ׳ן פּאַרק. דאָ איז ער א פּאָר שאָ געזעסן א שטומער, און אז עס איז געקומען די מינוט און ער איז ווי־דער געקומען צו זיך און זיך דערמאָנט, אז זײַן ייִנגל איז שוין טויט, און דערזען פאר די אויגן זײַן לייכע מיטן אָפּגעהאקטן לינקן פוס, איז ער אוועקגעפאלן אפן גראָז מיטן פּאָנעם אראָפּ, ארומגעכאפּט די ערד און זיך צעיאָמערט.

א פּאָליציאנט האָט עס באמערקט. ער איז רויִק צוגעגאנגען צום פּראָפעסאָר, אופגעהויבן אים פון דער ערד, דערזען זײַנע אָנשטענדיקע מלבושים און אנידער־געזעצט אים צוריק אף דער באנק.

דער פּאָליציאנט האָט זיך נאָכגעפרעגט:

— דער פּאן געדענקט ווו ער וווינט?

דער פּראָפעסאָר האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דער פּאן וועט טרעפן צו זיך אהיים?

ווידער דערזעלבער שאָקל מיטן קאָפּ.

— דער פּאן האָט בא זיך ווערטפולע זאכן, געלט?

א שאָקל מיטן קאָפּ אף ניט.

— ארויסרופן פארן פּאן אן אווטאָ?

ווידער א שאָקל מיטן קאָפּ אף ניט.

— איז אופירן זיך רויִק!—האָט דער פּאָליציאנט שטרענג באפוילן.—איך ווינטש דעם פּאן א גוטע נאכט,—האָט ער צוגעגעבן אינ א ווײַלע ארום, צולייגנדיק זײַן האנט צום דאשעק און איז אוועק.

אפמאָרגן, גאנצפרי באגינען, האָט זיך פּראָפעסאָר מלאווסקי אופגעהויבן פון דער באנק.

ניט צום ערשטן מאָל אינ זײַן לעבן איז יוזעף מלאווסקי אזוי פרי וואך און זעט א טאָג־אופגאנג. שטענדיק אינ אזעלכע שאָען האָט ער געהאט דעם גוטן געפיל פון אופקום און אָנהייב. די וועלט איז פריש. די וועלט באנײַט זיך אָן אופהער. זי ענדערט זיך פיל מאָל אינ יאָר, און פרעכטיק איז ניט נאָר דער פרילינג און זומער—די צײַט פון בליִונג און געבורט,—נאָר אויך דער הארבסט און ווינטער—די צײַט פון דעמערונג און שלאָף. די וועלט באנײַט זיך נאָך אָפטער. דרײַ הונדערט פינף און זעכציק טעג טראָגט דער יאָר און דרײַ הונדערט פינף און זעכציק מאָל באנײַט זיך די וועלט אינעם יאָר. דער טאָג גייט אוף און צעוואקסט זיך—דאָס איז די צײַט פון אופבלי און צעוויקלטן האסטיקן לעבן; דער טאָג פארגייט און שטארבט—און דאָס איז די צײַט פון אָפּרו און שלאָף. נאָר פרעכטיקער פון אלע בא־נײַונגען איז פונדעסטוועגן די פרילינג־באנײַונג, די באגינען־באנײַונג. און גאָר די

סאמע פרעכטיקסטע צײַט אין יאָר איז — דער יונגער זומער־באַגינען. אין די שאָען ווערן אַלע מענטשלעכע לײדן געשטילט און געלינדערט. און ווער עס לעבט — דער וויל זײַן טעטיק און געניסן פון לעבן. און ווער עס איז געשטאָרבן — דעם דאַרף מען באַהאַלטן.

פּראָפעסאָר מלאַווסקי האָט זיך אופגעהויבן פון דער באַנק מיטן לעצטן ביסל אַנטשלאָסנקײַט און מוט אין געמיט: מע דאַרף גײן אין שפּיטאָל פונעם הײליקן קינד יעזוס, נעמען די לײכע פונעם געליבטן זון און באַהאַלטן זי אָפּן אַלטן יידישן בײסוילעם, אין פאַמיליען־קײווער פונעם שטאַם לאַגול־מלאַווסקי, וואָס איז אַ שטאַרקער שטאַם — אַ דעמב באַם ווײַסל, מיט טיפע וואָרצלען אין דער ערד און מיט אַ ברײטער גרינער קרוין הויך אונטערן הימל.

נאָר כוץ די נאַטור־ענדערונגען איז אין דער וועלט, ווײַזט אויס, פאָרגעקומען נאָך אײנע עפּעס אַן ענדערונג, וואָס האָט פאַר יוזעף מלאַווסקיס זון פאַרשלאָסן דעם מויל פון דער ערד.

אין דער ייִדישער גמינע האָט מען דעם פּראָפעסאָר פאַן יוזעף לאַגול־מלאַווסקי געמאָלדן, אַז זײַן זון קאָן ניט באַהאַלטן ווערן צווישן ייִדן — ער איז ניט קײן בען־מוישע, ווײַל ער איז אַן אָרל, זײַן פאָטער האָט געבראָכן דעם געזעץ פון בריס אווראָהאָם.

דער גמינע־פאַרוואַלטער, אַ מענטש מיט אַ צווײענדיקן הויקער, פון וואָס ער האָט דעם קאָפּ שטענדיק געהאַלטן פאַריסן, איז געשטאַנען אַנטקעגן פּראָפעסאָר מיט פולער פאַרלוירנקײַט, אָבער אויך אַנטשלאָסנקײַט אין בליק.

— דאָ איז דער גוויל. דאָס קאָן מען ניט אַריבערטרעטן, — האָט ער דערקלערט.

דער הויקער האָט אים אויך געגעבן אָנצוהערן, אַז אין דער געשיכטע פון דער וואַרשעווער ייִדישער קעהילע איז שוין געווען אַזאַ פאַל און מען האָט געהאַנדלט לויטן דין — מען האָט מאַלע געווען דעם ייִדישן אָרל נאָכן טויט און עס האָט זיך באַקומען אַ גרויסער סקאַנדאַל, און ניט איצט איז די צײַט פאַר אַזעלכע אָפּעראַציעס, וואָס מוזן אַרויסרופן סקאַנדאַלן.

יוזעף מלאַווסקי, ניט וועלנדיק פאַרשוועכן דעם אָנדענק פון זײַן קינד, וואָס האָט ניט אײנמאָל בײַ אים געמאָנט אַן ענטפער אָפּ דער פראַגע, צי איז גענוג צו זײַן אַ מענטש אָדער מען דאַרף נאָך דערצו זײַן אַ ייִד, אַ פויל, אַ טאָטער, אַ האָטענטאָט, — איז פונעם הויקער אוועק, ניט זאָגנדיק אים קײן אײן וואָרט.

יוזעף מלאַווסקי האָט אָפּ צוריקוועגס פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג גאַנץ דעטאַל פאַרהערט זײַן אײגענעם געוויסן און אויסגעפונען, אַז ער איז רײן.

— יאָ, זון, געליבטער זון, — האָט ער אין זיך געשעפּטשעט, — עס איז גענוג צו זײַן אַ מענטש, אַ פּאַטריאָט פון דײַן פאָטערלאַנד, אַ היטער פון דער אָרדענונג, וואָס הונדערטער דוירעס פאַר דיר האָבן געשמידט און געשליפן.

און ער האָט אַלײן ניט באַמערקט, ווי ער איז געקומען אין דעפּאַרטאַמענט פאַר קולט־איניאָנים, ער האָט געבראַכט אַן אָנקלאַגע אָפּ דער גמינע.

דער שעף האָט אים אופגענומען זײער ליבנסווירדיק, אויסגעדריקט מיטגעפיל און אומבאַמערקט אוועקגעלײגט פאַר זײַנע אויגן די צײַטונגען אַזוי, אַז פּראָפעסאָר מלאַווסקי האָט אַלײן באַמערקט זײַן נאָמען אינעם שוואַרצן ראַמל — מע האָט אים

אויסגעדריקט מיטגעפיל צוליבן טויט פון זײַן געליבטן זון. אָבער די אָנקלאגע האָט ער איידל צוריקגעוואָרפן.

— דאָס זײַנען פראגן פון אינערלעכן רעליגיעזן לעבן, פאַן יוזעף, און דער פאַן פּראָפעסאָר דארף פארשטיין, אז איצט, אין דער צײַט, ווען די ייִדן ווערן אין אלע מעלוכעס געיאָגט און געטריבן, קאָן ניט פוילן, דאָס פרײַע לאנד, אונטערדריקן די רעליגיעזע געפילן פון די ייִדן. זאָל דער פאַן פּראָפעסאָר האנדלען לויטן געוויסן. די מאכט איז דאָ אומבאהאָלפן. דאָ איז דער גרענעץ. דאָ איז די גמינע עקסטערי־טאָריעל. דאָס קאָן מען ניט אריבערטרעטן. פארשטייט זיך, אז באם געהעריקן דרוק וואָלט מען יאָ געקאָנט פועלן, אז מען זאָל זײַן זון באהאלטן אפן ייִדישן בייסוילעם, אָבער דאָס וואָלט ארויסגערופן א סקאנדאל און ניט איצט איז די צײַט פאר אזעלכע אָפעראציעס מיט סקאנדאלן.

יוזעף מלאווסקי האָט געשטוינט דערפון, וואָס דער הויקער פון דער גמינע, דער ייִדלאַק פון דער גענשע־גאַס און דער הראביא פאַן פּאָטאָצקי, דער הויכער באַאמטער און מעלוכע-מאַן באַנוצן זיך גענוי מיט איינע און די זעלבע ווערטער.

אָבער ער איז אָן אַן איבעריקן וואָרט אוועק אויך פונעם הראביא.

אים איז אײַנגעפאלן, אז דאָס איז טאקע, מעגלעך, געווען א פארזען פון זײַן זײַט, וואָס ער האָט זיך געהאלטן בלויז באם פאמיליען־קייווער אפן אלטן ייִדישן בייסוילעם. דער לאגול־מלאווסקי־דעמב האָט זיך צעוואַקסן און אריבערגעוואָקסן דעם האלב־אײַנגעפאלענעם פּלויט פונעם אלטן ייִדישן בייסוילעם. אפ די דאָזיקע געדאנקען האָט אים ארופגעפירט א קליינע דעטאל אין דער טרויער־מעלדונג אפן טויט פון זײַן זון: איבער זײַן נאָמען איז געשטאנען דאָס טראדיציאָנעלע ציילעמל, וואָס ווערט געשטעלט אין אזעלכע מעלדונגען.

פּראָפעסאָר פאַן יוזעף לאגול־מלאווסקי איז אוועק אין דער פארוואלטונג פון די פוילישע צווינטערס.

אָבער אויך דאָ האָט ער באקומען א קורצן אָפּזאָג:

— אײַער זון איז ניט געטויפט און מיר זײַנען אומבאהאָלפן!

דעמלט האָט ער באשלאָסן, אז ער האָט מער ניט וווהין צו גיין און ער האָט זיך פון אָט דעם באשלוס דערפילט שטײַפער. ער האָט געהאלטן, אז ער האָט דורכ־געטראָגן די לייכע פון זײַן געליבטן ריינעם ייִנגל דורך ביידע געהענעמס — דורכן ייִדישן מיטן קריסטלעכן. איצט זײַנען זיי ביידע — פאָטער און זון — ריינע, זויבערע, גין-גאָלדענע מענטשן, עכטע מענטשן, ערשטע אפּאָסטאָלן פון דער קומענדיקער מענטשהײַט, מארטירער, וואָס האָבן ניט געקאָנט געפינען פאר זיך די פיר איילן ערד דערפאר, ווײַל זיי זײַנען געגאנגען קעגן די איבערבלײַבעכצן, קעגן די מענטש־לעכע פאָרורטיילן און נארישקײַטן, דערפאר, ווײַל זיי האָבן פארוואָלט בלײַבן ביזן סאָף — מענטשן.

— זון מײַנער, געליבטער זון, — האָט דער פּראָפעסאָר געשעפּטשעט, — דו וועסט אייביק בלײַבן מיט מיר. אין אונדזער סאָד, אונטערן אלטן דעמב וועסטו ליגן, און אין דער שווערער שאָ, און אין דער פריילעכער שאָ וועל איך קומען צו דיר, געליבטער זון מײַנער, און מיר וועלן ווידער שמועסן.

— פאפא, וועסטו פרעגן, איז געגוג צו זײַן מענטש אָדער...

— יאָ, זון, װעל איך ענטפערן, עס איז גענוג!

און ער האָט אָפּמאָרגן װידקלעך אויסגעגראָבן א גרוב אין סאָד, אונטערן דעמב, ניט ווײַט פון דער קלײנער סאַזשלקע, אנטקעגן זײַן פענצטער, פון װאַנען ער האָט זיך געקליבן צו קוקן, ווי די ווײַסע שוואַנען װעלן ארומשווימען אין וואַסער און פארװײַלן די רײנע נעשאָמע פון זײַן ייִנגל.

אָבער די זאַך איז גלײַך באַוווּסט געוואָרן דער מאַכט און ער האָט באַקומען א שטרענגן באַפעל א סאָף מאַכן צו דער ווילדער געשיכטע—לאָזן מאַלע זײַן אָדער טויפן זײַן טויט קינד און באַהאַלטן עס מענטשלעך.

דעמלט האָט יוזעפ מלאַווסקי באַשלאָסן „אראָפּוואַרפן פון זיך די צוים", ווי ער האָט זיך אין געדאַנק אויסגעדריקט, און האַנדלען מענטשלעך לויט זײַן פארשטאַנד. ער האָט געבעטן בא דער מאַכט פיר און צוואַנציק שאָ אָפּ זיך באַטראַכטן וואָס צו טאָן. און, ניט פארשיטנדיק די גרוב אין סאָד, האָט ער אָנגעשריבן א קורצע דעפּעשע צו דער פרוי אין זאַקאָפּאַנע, אַז זײער ייִנגל איז געשטאָרבן. ער האָט עס געטאָן מער אויס פליכט, אַז זײַן געוויסן זאָל זײַן רײן קעגן דער אָפּגעפרעמדטער פרוי, וואָס האָט אין דער גאַנצער וועלט ליב געהאַט בלויז אײן מענטשן—זיך אַלײן.

יוזעפ מלאַווסקי האָט אויסגערעכנט, אַז ביז זײַן פרויס אָנקומען אַהײם, ווען זי פאָרט אַפילע ארויס מיטן ערשטן צוג גלײַך נאָכן באַקומען די דעפּעשע, בלײַבט אים נאָך אַלץ גענוג צײַט אָפּ אָפּצוטאָן דאָס עכט-מענטשלעכע, וואָס ער האָט געטראַכט.

און, א באַרויִקטער, איז ער אוועק אין שפּיטאָל פונעם הײליקן קינד יעזוס, געבראַכט זײַן טויטן ייִנגל אַהײם, אנידערגעלײגט אים אין גרויסן זאַל, אָפּגענאַרט אַלע באַקאַנטע און פרײַנט, אַז די לײַכע פון זײַן פארשטאָרבענעם ייִנגל וועט געבראַכט ווערן אַהײם ערשט אָפּמאָרגן צען אינדערפרי, און איז געבליבן אַלײן מיטן זון.

ער האָט אוועקגעשיקט די דינערשאַפט, פארשלאָסן דעם טויער, געעפנט אין זײַן פּאַלעצל אַלע טירן און פענצטער, וואָס זײַנען ארויס צום סאָד,־ גענומען זײַן טויטן ייִנגל אָפּ די הענט און געטראָגן אים איבער די צימערן, געבעטן אים זיך זעגענען מיט די זאַכן, וואָס האָבן באַם לעבן אים ארומגערינגלט, און שפּאַצירט מיט אים ביז אין דער טיפער נאַכט אין סאָד—געבעטן זיך זעגענען מיט די בוימער און בלומען, מיטן גראָז און מיטן וואַסער און מיט די שוואַנען אָפּן וואַסער.

און אײדער עס האָט אָנגעהויבן גרויען אָפּ טאָג, האָט ער גענומען זײַן טויט קינד אָפּ די הענט נאָכאַמאָל, צוגעבונדן אים צו זיך מיט א רימען, אײַנגעהילט זיך מיט אים אין א פלעד און איז אוועק מיט אים איבער די יערוזאַלעמער אַלײען.

אין די צײַטונגען פון יענעם כוידעש זײַנען געווען אַסאַך אויסגעטראַכטע זאַכן פון אָט־דער פּאַסירונג. אײניקע צײַטונגען האָבן געדרוקט סענסאַציִאָנעלע נאָטיצן, אַז יעדע נאַכט, פון דרײַ ביז פיר דעם זײגער, קאָן מען זען אָפּ די יערוזאַלעמער אַלײען א געשפּענסט: א גרויער מאַן טראָגט אָפּ די הענט א טויט קינד מיט אָפּגעהאַקטע פיס און פרעגט זיך נאָך בא די זעלטענע פארבײַגײער דעם וועג צום

מענטשלעכן בייסוילעם. ווען מען פרעגט בא אים, וואָסער בייסוילעם נאָמענטלעך זוכט ער: דעם קאַטוילישן צי דעם יִדישן, דעם פּראַוואָסלאַוונעם צי דעם מאַכמע־דאַנער, ענטפערט דער גרויער מאַן מיטן טויטן קינד אף די הענט, אַז ער זוכט דעם מענטשלעכן בייסוילעם, פּאַשעט דעם מענטשלעכן, ווו מע קאָן באַהאַלטן אַ טויטן, וואָס איז באַם לעבן געווען אַ מענטש און מער האָט ער גאָרניט ניט געוואָלט זײַן.

נאָר דאָס האָבן די כראָניקיאָרן אויסגעפּוצט דעם פּראָפעסאָר פאַן יוזעף לאַגול־מלאַווסקי אין אַ געשפּענסט, די כראָניקיאָרן, וואָס האָבן אייביק מוירע, אַז דער רעדאַקטאָר וועט ניט דרוקן זייערע צען שורעס כראָניק, ווײַל די געשעעניש איז צו געוויינלעך.

אינדערעמעסן איז די זאַך געווען קירצער און פּראָסטער.

אַרויס מיטן טויטן קינד אף די הענט אף די ירוזאַלעמער אַלייען, האָט יוזעף מלאַווסקי פאַרפירט מיט זײַן זון אַ געשפּרעך:

— לאָמיר איבערציילן אונדזערע ניצכוינעס, געליבטער זון מײַנער סטאַניס־לאַוו, וואָס איז דער זון פון יוזעפן, וואָס איז דער זון פון אווראָם־מייערן—מאַרקן, וואָס איז דער זון פון איטשע־בער באַלעגולע...

און ער האָט דערציילט זײַן טויטן זון פּאַשעטע זאַכן, דאָס אַלץ, וואָס אונדז איז שוין באַוווּסט—ווי עס האָט זיך צעוואַקסן דער שטאַם, דער דעמב לאַגול־מלאַווסקי, וואָס זײַנע וואָרצלען זיצן טיף אין דער פּוילישער ערד אפן ברעג ווײַסל און זײַן קרוין הויכט זיך אונטערן הימל.

די זעלטענע פאַרבײַגייער האָבן ווירקלעך אַ ווײַלע זיך פאַרקוקט אף דער מאָדנער הויכער פיגור פונעם גרויען מאַן אָן אַ הוט, אפן מענטשן, וואָס טראָגט אף די הענט אַ דערוואַקסן קינד. אָבער די פיס פונעם קינד זײַנען געווען צו קורץ און באַהאַלטן אין אַ פּלעד, דער קאָפּ פונעם קינד איז געלעגן מיטן פּאָנעם אַראָפּ אפן פּאָטערס אַקסל, און די פאַרבײַגייער האָבן זיך ניט באַרויִקט: אַ פאַרשטענד־לעכע זאַך—אַ פּאָטער טראָגט זײַן קאַליקע קינד שפּאַצירן. מיסטאָמע שעמט ער זיך מיט אים זיך באַווײַזן אונטער דער טאָג־שײַן. און די פאַרבײַגייער זײַנען זיך רויִק בעגאַנגען זייער וועג.

יוזעף מלאַווסקי האָט זיך ניט געאײַלט. ער האָט שפּאַצירט לאַנגזאַם, און די וואָג פון זײַן יינגלס טויטן קערפּער קימאַט ווי ניט געשפּירט. ער האָט אים דער־ציילט זײַן גאַנץ לעבן און פאַרזיכערט אים, אַז ער גייט ניט פאַראַטן זײַן פּאָטער־לאַנד פּוילן, און ער שעלט ניט די וועלט, נאָר ער גייט טאָן דאָס, וואָס אַלע ליבנדיקע הערצער באַפוילן צו טאָן—זיך ניט שיידן.

— ניין, ניין,—האָט ער געדריקט די טויטע לייכע צו זײַן ברוסט,—מיר וועלן זיך מיט דיר ניט שיידן. איך קאָן ניט לאָזן שענדן דײַן קערפּער, געליבטער זון. איך קאָן ניט לאָזן האַקן קאַטוילישע נעגל אין דײַן ריינעם גײַסט, געליבטער זון. איך קאָן טאָן בלויז דאָס, וואָס אַ ליבנדיקער פּאָטער דאַרף טאָן—איך קאָן גיין מיט דיר אין שלאַכט און זיגן. „פּאַפּאַ, צי איז גענוג צו זײַן אַ מענטש, אָדער...“ גענוג, גענוג, געליבטער זון. און דאָס וועט זײַן דער לעצטער און גרעסטער ניצאָכן

אונדזערער, ייִנגעלע מייַנס. מיר וועלן מיט דיר בײַקומען דאָס טויטע אינעם לעבעדיקן לעבן.

עס האָט אָנגעהויבן גרויען אפ טאָג. עס איז געווען אָנהייב זומער—באַגינען—די שענסטע צייַט אין יאָר.

יוזעפּ מלאווסקי מיט זייַן טויטן זון אפ די הענט איז געבליבן שטיין אין מיטן בריק. א ווייַלע איז ער געשטאנען אזוי מיטן פּאָנעם צו די יערוזאלעמער אלייען, געקוקט און זיך דערשראָקן: אים האָט זיך געדוכט, אז דער דעמב האָט זיך מיט די וואָרצלען ארויסגעריסן פון דער ערד און טראָגט זיך אינדערלופטן איבערן ווייַסל גלייַך אפ מיזרעך.

— ניין, ניין! נאָר ניט דאָס! נאָר ניט פאראט, מייַן זון!—האָט ער אויסגעשריִען און צוגעדריקט די טויטע לייכע שטייַפער צו זייַן ברוסט.

ער האָט זיך אומגעדרייט מיטן פּאָנעם צום וואסער, אראָפּגעקוקט אהין, אָבער אויך אינעם וואסער האָט ער, ווי אין א שפּיגל, דערזען דאָס דאָזיקע בילד: האסטיק, מיט דער ברייט־צעוואקסענער, שייַנענדיקער גרינער קרוין פּאָרויס, מיט די רויע, באדעקטע נאָך מיט פייַכטער ערד צעוואָרפענע אין אלע זייַטן וואָרצלען פון הינטן—טראָגט זיך, טראָגט זיך דער דעמב אלץ פּאָרויס, פּאָרויס צום מיזרעך, צו דער אופגייענדיקער זון.

דאָס האָט ער שוין מער ניט געקאָנט אויסהאלטן און ער האָט זיך אָנגעכאפּט אָן דער פּאָרענטש, ווי ער וואָלט מוירע געהאט, אז דער דעמב וועט אים מיטציִען און אוועקטראָגן אהין, אינעם פייַנטלעכן לאנד פון וואנען עס גייט אופ די זון.

אָבער אין א מינוט ארום איז דאָס בילד פארשוווּנדן און ער האָט רויִק, ווי ער וואָלט זיך געקליבן טאָן זייער א געוויינלעכע זאך, אָפּגענומען די הענט פון דער פּאָרענטש, ארומגענומען מיט זיי שטייַף זייַן טויטן ייִנגל, זיך אריבערגעבויגן אריבער דער באלוסטראדע, און איז אראָפּגעפאלן פון בריק, און איז גלייַך אוועק אונטערן וואסער.

דער בריק איז געווען הויך. דאָס וואסער אין דער ווייַסל—טיף.

די צוויי קערפּערס פונעם פּאָטער און זון האָבן אופגעהויבן א הויכלעכן זייַל וואסער.

אָבער אין א מינוט ארום האָט זיך דער אויבערפלאך פונעם טייַך צוריק פארצויגן. די רינגען אפן אויבערפלאך פונעם וואסער זייַנען גלייַך אָפּגעווישט געוואָרן דורך אן אָנגעלאָפענער כוואליע. און קיינער האָט ניט געשריִען, און קיינער האָט ניט געוויינט אפן טויט פונעם פּאָטער מיטן זון—עס איז געווען די פריִ־באַגינענדיקע שאָ פון א יונגן זומער־טאָג, טאקע די שענסטע שאָ אין דער צייַט פון דער וועלט, אָבער די שאָ, ווען די וועלט שלאָפט נאָך, ווען אפילע די נאכט־וועכטער דרעמלען אפ זייערע פּאָסטנס.

---

ש. ראָסינ

# לידער

## וואָס ווילסטו נאָך

רויִק שאָקלען זיך די יאָדלעס,
ווי זיי וואָלטנ זיך באגריסט, —
זײַ רויִק, הארצ, ניט מאָן, ניט פאָדער,
אויך דו, מײַנ הארצ, פונ רו געניס.

וואָס ווילסטו נאָך? די הימלענ שטראלנ
אונ ווי שטענדיק בלײט אונ בלויס, —
א בינ צום בלום איז צוגעפאלנ
אונ טרינקט זיך אָנ מיט זיסנ טוי.

הייך אינ לופט זיך פויגלענ פאָרנ,
טיפ אינ טאָל דער קוואל דאָרט פליסט,—
גאָר ניט, גאָר נישט גייט פארלאָרנ,
גאָרנישט גייט אוועק אומזיסט.

וועלדער שפראָצנ גרינ אונ זאפטיק
אונ א ווינט די צווײַגנ וויגט —
אונ ס'פארגייט זיך די קוקאווקע
ווי מיט טויזנט יאָר צוריק.

## אָוונט

דער טאָג טײלט לאנגזאמ אָפּ זיך פונ דער ערד,
א שטילע דורכגעשטראלטע יוני־נאכט
גײט אומבאמערקט אראָפּ אפ רו פונ בערג, —
אפ פעלד אונ טאָל דער אָוונט שפרייט זיך אויס
אונ ווי א ציטערדיקער טראָפּנ טוי,
דער ערשטער שטערנ גייט ארויס.

די אָוונטיקע רו האָט שטיל פון ערגעץ ווו
א ווינט געבראכט און איַינגעוויגט אים באלד.
אינעם גרינעם כאָלעם שטייט פארטרוימט דער וואלד
און הערט זיך צו צום אייגענעם גערויש...

און אלץ ארום דעם הויך פארהאלט
און מיט פארכאפטן אָטעם הערט:
מיט רו און פרידן רוישט דער וואלד,
מיט אוראלט־קראפט, מיט זאפט פון ערד:
מיט פויגל־פלאטער און מיט וואסער־פאל,
מיט אייביקיַיטן רוישט דער וואלד.

## עס רוישט דער וואלד

א ווינט א פארבלאָנדזשעטער כוואליעט די גראָזן,
וויגט די בעריאָזעס, די יאָדלעס באפאלט, —
סוידען זיך ווערבעס, הוידען זיך סאָסנעס,
הוידעט זיך, סוידעט דער גאנצענער וואלד:

פארצוויַיגטע בעריאָזעס און ווערבעס געקרויזטע
לופטיקע סאָסנעס און דעמבעס צעגרינט
האָבן צוזאמען צערוישט און צעברויזט זיך
און לויפן געלאָזט זיך אנטקעגן דעם ווינט.

ברומען די בוימער און רוישן און שאלן,
פון אָרט האָט דער וואלד זיך געגעבן א ריס, —
א ווינט מיט א שטורעם דעם וואלד איז באפאלן
און אוראלטע בוימער ער ווארפט פון די פיס.

רוישן בעריאָזעס און סאָסנעס זיך וויגן,
וויגט זיך אף צוויַיגן דער הימל, די זון,
און עפעס אן אלטער באהאלטענער ניגון
כאפט מיך ארום און בארוישט ביזן גרונט.

## טאמוז

פון פרי ביז שפעט די הימלען קלאָרן
קיין איינציק וואָלקנדל ארום, —
שטייט דאָס פעלד אין ברוינעם קאָרן
ווי פארגליוערט קעגן זון.

ס'גליט די זון, קיין גרעזל ציטערט
ווי געליימט דער פאסטעכ זיצט, —
די סטאדע וואָס אין טאָל זיך פיטערט
פארשלאָפן זשמורעט זיך פון היץ.

ס'ווערט הייסער, הייסער, אָנגעגליטער
און פון היץ די לופט זיך וויגט...
פלוצלינג גיט דאָס פעלד א ציטער
לאָזט זיך לויפן קעגן גליק.

ס'לויפן גראָזן, ס'לויפט דער קאָרן
ס'טראָגט דאָס פעלד זיך—ברוין און גרין
און מיט ברייט־צעשפרייטע אָרעמס
כ'גיב זיך אָפ דעם גוטן ווינט.

## און ס'גלויבט זיך ניט...

ווי בלוי, ווי זוניק איז מיין היינט, —
די זון האָט קיינמאָל נאָך אזוי געשיינט,
אזוי האָט נאָך דער הימל קיינמאָל ניט געבלויט,
די ערד האָט קיינמאָל ניט געגרינט אזוי.

ס'איז זוניק שטיל.
צום הימל איז דער וואלד געצילט —
מיט קאָפּ געווענדט צום בלענד פון זון,
פארוואָרצלט שטייט אין טיפ אין גרונט.

און אלטע בוימער—גרינע בערד
שפרייטן שאָטנס אפ דער ערד.
אפ ברייטע שאָטנס שלאָפט די רו
און ס'גלויבט זיך ניט, אז ערגעץ ווו
קאָן זיין אצינד די רו צעשטערט.

אז ערגעץ ברויזט און קראכט דער וואלד,
א מענטש א מענטש אין שלאכט באפאלט,
אז מענטשן פאלן צו דער ערד
אפ קיינמאָל שוין ניט אופשטיין מער...

ווערט ענג אין הארץ, די רו ווערט שווער
און ליבער ווערט די גרויסע ערד,

דאָס פעלד, די לאָנקע און דער טאָל
מײַן היים—מײַן לאַנד—דאָס גרויסע פאָלק, —
דער גרינער וואלד אין בלענד פון זון,
וואָס איז פארוואָרצלט שטײַף אין גרונט.

## די גרינע רו

לאנד, מײַן לאנד, אין גרינס, אין זון,
אין אופגאנג־שײַן פון ראנד ביז ראנד!
איך האָב פארזוכט דײַן פײַן ביז גרונט,
מיר איז פון לאנג דײַן צאר באקאנט.

אין מי פון טעג, אין גלי פון נעכט,
פון זינט איך האָב דײַן ערד דערשפירט, —
דו האָסט מיט שוידער מיך דערנערט,
דײַן גרויל געלויערט האָט אף מיר.

דו האָסט מיט ליבשאפט מיך געזאלבט
און מיך פארשפארט אין ענגע קלעם, —
עס האָט געשראָקן מיך דער וואלד,
דאָס פעלד געווען איז ווײַט און פרעמד.

נאָר ס'האָט די ליבשאפט זיך צעבליט,
צעגליט אין מיר אלץ מער און מער
און איך האָב זיך אין דיר פארליבט
אין דיר, מײַן לאנד, מײַן היים, מײַן ערד.

דאָס פעלד האָט זיך פאר מיר צעשײַנט,
דער וואלד געוואָרן איז מײַן פרײַנט
און יעדער קוסט און יעדער בוים
איז גרייט פארטרויען מיר זײַן טרוים.

אין גרינס, אין זון אצינד מײַן לאנד,
אין אופגאנג־שײַן פון ראנד ביז ראנד, —
איז זאָל מיר איצט פארגונען זײַן,
נאָך יאָרן מי, נאָך יאָרן פײַן
די גרינע רו אין זון, אין שײַן...

## יוגנט

ווער זאָגט, אז ס׳רוקט זיך אָן די עלטער,
אז ס׳רוקט זיך לאנגזאם אָן די נאכט,
אז ביסלעכווייַז מע ווערט געשטעלטער,
אז יוגנט גיט מען אָפּ אָן שלאכט?

ניין, איך גיב ניט אָפּ מייַן יוגנט —
זי איז בא מיר, מיט מיר, אין מיר, —
אפ די שיפן פון דער יוגנט
איך טראָג זיך נאָך מיט איר, נאָך איר.

ניין, איך גיב זיך נאָך ניט אונטער,
איך גיב ניט אָפּ אָן שלאכט מייַן אָרט, —
אפ דער גרויסער ערד באזונטער
וויל איך לעבן טויזנט יאָר!

און וויפל פייַן מיר איז געגעבן
וואָלט איך ווען מער און מער, —
ווייַל די גרויסע לאסט פון לעבן
וועט מיר קיינמאָל ווערן שווער.

אפ די וועגן די צעגליטע
פון דער אופגעבערויזטער ערד, —
כ׳וועל מייַן יוגנט לאנג פארהיטן,
ווי א הירש דעם שפיץ פון בערג.

ניין, די צייַט וועט ניט פארדארבן
אָט דעם הייסן יוגנט־בראנד, —
און אין שלאכטן וועל איך שטארבן
מיט מייַן יוגנט האנט בא האנט.

יודל יאָפע

# מע לאַכט

1

בעבע כאווקינ האָט אינ אײנעם א פרימאָרגנ געפירט פונ פאַרק אהײמ דװײרע־ליבסקעס. זי האָט אימ געיאָגט אינ אקנ:

— גיכער א ביסעלע קאָנסטו ניט, בעבע! — ער האָט איר נאָכגעטראָגנ די קױשנ אינ שטוב אַרײַנ פולע מיט אלדאָס גוטס. ער איז געשטאַנענ אונ געװאַרט זי זאָל אימ באַצאָלנ, האָט זי אפּ אימ פאַרגעסנ. — מױשעלע, — האָט זי גערופנ דעמ מאַנ, — הערסט, די שטאָט קלינגט דאָכ מיט דײַנ כעמע דעמ שאַמעס זונ, אזא אנטיק איז דאָס. ער קאָנ דאָכ לײענענ אינ דער 'טױרע װי א װאַסער.

— נו, נו, נו, אונ אז ער קאָנ לײענענ אינ דער טױרע איז װאָס? װאָס האָסטו מיר עס געבראַכט פאַר א בסורע, א גדולע אפּ דעמ טאַטנ אפּ זײַנעמ, אז ער קאָנ לײענענ אינ דער טױרע.

— שאַ! װאָס ביסטו אזױ באַיעצט, מױשעלע, די צײנ טוענ דיר װײ!.. זע נאָר, די אױגנ בא דיר זײַנענ װי בא א היץ־קראַנקנ אונ עס טרײסלט דיכ, קאָנסט שױנ האָבנ די קאַדאָכעס, איז דאָכ א פראָשעק כינע דאָס בעסטע...

— נו, נו, נו, — האָט שױנ רעב מױשע ליבסקע געזאָגט אביסל װײכער, געקוקט מיט כאַראָטע, װי געבעטנ זיכ — א צוגװינט, דװײרעלע, האָט מיכ אַרומגעכאַפּט, דאַכט זיכ אלע פענצטער זײַנענ פאַרמאַכט אונ עס בלאָזט אפּ מיר א צוגװינט. װי פונ טײַכ װאָלט עס בלאָזנ צי פונ דער מילאָנע־גאַס, עס האָט שױנ מיכ דורכגענומענ אפּ דורכ אונ דורכ. איז װאָס זאָגסטע, דװײרעלע, דער ײִנגל כעמעס זאָגסטע קענ לײענענ אינ דער טױרע? װײס איכ דאָכ. כ'האָב דאָכ דיר אלײנ טאַקע דערצײלט װעגנ דעמ.

מױשע ליבסקע האָט אױסגעװיקלט א שטיקל צעװאַרעמטנ פאָנעמ פונ װאָלענעמ שאַל, אינ װעלכנ ער איז פאַרװיקלט געװענ. ער איז געגאַנגענ אינ די פוטערנע שיכ אונ אפּנ קאָפּ האָט ער געטראָגנ די שלאָפּ־יאַרמעלקע. עס האָט אימ הײַנט א צוגװינט דורכגענומענ, עס האָט זיכ אימ הײַנט א פּאָגראָמ געכאָלעמט. אונ מערער פונ אלצ האָט אימ די רעװאָליוציע געשראָקנ.

— עס טוט זיכ שױנ װײַטער אביסל אפּ דער װעלט. דװײרעלע, — זאָגט ער מיט א גרױסנ אומעט, — װײַטער סטאַטשקעס, זאַבאַסטאָװקעס אונ װאָס ניט. א גרױל, דװײרעלע, עס שמעקט שױנ װײַטער מיט רעװאָליוציע. זאָגט מענ, — קרעכצעט מױשע ליבסקע.

— פונוואנענ נעמסטו עס? ערשט נעכטנ איז גאָרנישט ניט געווענ אונ הײַנט איז שוינ בא אימ א רעוואָליוציע, — זאָגט דווײרעלע שוינ אביסל מיט א געפאלענעמ טאָנ, — אײסעכ וואָס דיר כאָלעמט זיכ.

— אראָנ לאזארעוו איז דאָ געווענ מעסטנ די וויזיטקע, — זאָגט ליבסקע אבי־סעלע האָפערדיקער, — וואָלסט א קוק געטאָנ, דווײרעלע, ווי דער פּאָנעמ האָט בא אימ געברענט ווי א פײַער. — אָט, זאָגט ער, זיצנ מיר דאָ אונ בא אונדז אונטערנ נאָז צעלײגנ זײ דינאמיט אונ אופרײַסנ וועט עס ווי אנ אויסגעצײַטיקטע מאקע. הערסט, דווײרעלע, אונ ווער איז שולדיק, זאָגט ער, אלײנ די גווירנ. אָט די דאצקאָווסקיס האָבנ פארשפילט די פאבריק זײערע אינ קאָרטנ. זײ האָבנ צווײ ווינטערדיקע כאדאָשימ געהאלטנ די פאבריק פארמאכט. אונ איצטער האָבנ זײ שוינ צווײ כאדאָשימ ניט אויסגעצאָלט די ארבעטער קײנ סכירעס. אימ אלײנ, לאזארעוונ, זײַנענ די ברידער שולדיק א מאטמענ געלט, וויל ער פארנ כויוו צונעמענ בא זײ די פאבריק, אָדער ווערנ א שוטעפ, וואָדענ, ער האָט מוירע די באָסיאקעס וועלנ נעמענ שטרײַקנ.

— אײסעכ, פארוואָס דו האָסט מוירע, — האָט אימ דווײרעלע געטרײסט, — ס'איז דאָ, דאנקענ גאָט, פּאָליצײ. וועט זי זײ אָנעמענ די האָלעדראנצעס זײ זאָלנ ניט בונטעווענ. אונ דאָס, וואָס לאזארעוו וועט ווערנ א פאבריקאנט, איז אוודע גוט. עמעס, ניט אלצ דארפ מענ גלײבנ, וואָס דער ליגנער, דער אפעריסט לאזארעוו דערצײלט, נאָר די וועקסלענ, וואָס דו האָסט, מוישעלע, אפ אימ, קאָנענ צוניצ קומענ. מע רעדט אינ מארק אויכ, אז לאזארעוו וועט איבערנעמענ די טאבעק־פאבריק, וועסטע דעמלט ארויסנעמענ די וועקסלענ פונ קאָמאָד אונ וועסט אימ הײסנ באצאָלנ.

איר געזונטער גופ האָט זיכ א הײב געטאָנ אפ די קנאפל אונ מיט צונויפגעצויגענע ליפנ האָט זי זיכ צוגעלײגט צו זײַנ אויער: — כעכע: — מוישעלע, איז וואָס האָסטע מוירע, אז לאזארעוו, דער קאָרטנ־שפילער, וועט ניט האָבנ מיט וואָס באצאָלנ די וועקסלעכ, קאָנ גאָט געבנ וועסטע ווערנ דער טאבעק־פאבריקאנט אונ איכ וועל זײַנ — מאדאמ פאבריקאנטשע.

2

מע האָט אימ גערופנ רעב מוישע ליבסקע, רעב מוישע פעטערבורגער. מע פלעגט נאָכ צוגעבנ — רעב מוישע דער כאָכעמ. אלײנ מוישע ליבסקע האָט אלעמאָל מוירע געהאט פאר א צוגווינט, האָט מוירע געהאט פאר א פּאָגראָמ אונ מערער פונ אלצ פאר א רעוואָליוציע. פאר א צוגווינט האָט ער געהאט א מיטל האלטנ פארמאכט טיר אונ פענצטער, אינ מיטנ טאמוז כוידעש אָנטאָנ א וואָלענעמ שארפ אפנ האלדז אונ די פיס ארײַנשטעקנ אינ די פוטערנע שטעק־שיכ. פאר א פּאָגראָמ האָט ער אויכ געוווּסט א מיטל, אלע ערעוו פײסעכ פלעגט ער צונויפזאמלענ געלט אונ טראָגנ דעמ פּאָליצמײסטער, פארוואָס ער האָט באקומענ דעמ נאָמענ כאָכעמ. אײנמאָל אנ ערעוו פײסעכ, האָט מוישע ליבסקע געמאָסטנ א ראָק דעמ פּאָליצמײס-

טער, האָט ער דערפילט ווי עס בלאָזט אפ אימ א צוגווינט פונ די אָפענע פענצטער, אונ האָט א ציטער געטאָנ מיט אלע גלידער. דער פאָליצמייסטער האָט עס באמערקט אונ פארדעכטיק געפרעגט: —וואָס איז, מאָשקע, וואָס ציטערסטו? האָסט מיר אוואדע דעמ ראָק פארברענט אָדער פארשמעלט?

— אייַער עקסעלענצ, —האָט רעב מוישע ליבסקע געזאָגט אונטערטעניק, —אייַער ראָק וועט זייַנ אויסגעצייכנט, בעסער, שענער פארנ גובערנאטאָרס ראָק, נאָר באפוילט פארמאכנ די פענצטער.

— כא־כא, —האָט דער פּאָרעצ געקוואָלנ, —וואָסי, ייִד, האָסט מוירע פאר א צוגווינט, עס איז דאָכ א זעלטענער וועטער. עס שמעקט דאָכ מיט פרילינג.

דעמאָלסט האָט מוישע ליבסקע פלוצלינג, אומגעריכט פאר זיכ אליינ, געמאכט די כאָכמעדיקע ווענדונג:

— ניינ, אייַער עקסעלענצ, פאר קיינ צוגווינט האָט א ייִד אזוי שטארק ניט מוירע, ווי פאר א פאָגראָמ אונ איצטער איז פונקט ערעוו פייסעכ. —מוישע ליבסקע האָט אָנשטאָט לאנגע רייד דערלאנגט דעמ טייַסטער אונ האָט אָפגעציילט אָנ ווערטער דעמ פאָליצמייסטער א פייַנע צונויפגעזאמלטע סומע געלט. בייזע צינגער האָבנ אפילע געזאָגט, אז רעב מוישע ליבסקע האָט זיכ געטיילט מיט דער צונויפגעזאמלטער סומע; נאָר א פאקט בלייַבט א פאקט. סע האָט געהאָלפנ. קיינ פאָגראָמ איז ניט געווענ אונ מיישע ליבסקע האָט באקומענ דעמ בייַנאָמענ „כאָכעמ“.

קעגנ רעוואָליוציע האָט רעב מוישע ליבסקע אויכ געהאט זייַנע באזונדערע מיטלענ. ער, דער גאבע פונ שול, האָט איינגעפירט, אז מע זאָל בא יעדער פאל א זונג טאָנ האנייסנ־טשואָ לאמלאָכימ. ער איז נאָכ געווענ א יונגערמאנ, מוישע ליבסקע, אָבער געווענ איז ער פרומ אונ געפירט זיכ מיט שטאט. געגעסנ האָט ער אינ א באזונדער כיידער, אפנ טיש איז געשטאנענ א גראפינ איינגעשטעלטער בראנפנ, וואָס ער פלעגט עס טרינקענ פונ א פיצעלע בעכערל, אָבער א טיי־גלאָז איז אפנ טיש געשטאנענ פונ א דרייַענדיקער גדויס, אזוי האָט ער ליב געהאט. קיינער ניט, אויסער דווייִרעלע דער ווייַב, האָט מיט קיינ איינ וואָרט ניט געטאָרט אימ שטערנ באמ עסנ, באמ טרינקענ, ווי בא א גרויסער הייליקער אווידע צו גאָט. נאָכנ עסנ איז ער אסאכ געשלאָפנ אונ נאָכ יעדנ שלאָפ האָט ער זיכ אופגעכאפט מיט אומרו, דרייַ מאָל אויסגעשפייַט, עס האָט זיכ אימ געכאָלעמט א צוגווינט, א פאָגראָמ, אָדער, וואָס נאָכ ערגער, א רעוואָליוציע. האָט ער צוגעלייגט אנ אויער צומ האנט אונ צוגעהערט זיכ. פונ ווערקשטעל האָט זיכ געטראָגנ א שטילער, שטילער געזאנג —„דאָס וועט זייַנ דער לעצטער אונ אנטשיידענער שלאכט“, האָט ער זיכ אפ די שפיצ פינגער גערוקט אונ דעמ אויג ארייַנגעגראָבנ אינ א שפארונע פונ טיר —אָנגעטאפּט דעמ זינגער, האָט ער אימ נאָכ אינ זעלביקנ טאָג איבערגעגעבנ וואָהינ מע האָט באדארפט אונ מאָרגנ איז שוינ דער דאָזיקער זינגער אפ דער ארבעט ניט געקומענ. ער איז שוינ געזעסנ אונטערנ שלאָס אונ מוישע כאָכעמ פלעגט טאמעוואטע פרעגנ —וואָס איז, ווו איז דאָס מענדל, כאַימ? פארשלאָפט געוואָרנ, כאָלילע, צי וואָס? ער האָט דאָכ ערשט נעכטנ אזוי פייַנ געזונגענ...

דער ווייַבס טרייסט־ווערטער האָבנ איצטער אפ דעמ כאָכעמ מוישע ליבסקע געווירקט ווי א גוטער עליקסיר, דער גרעסטער אווטאָריטעט איז זי בא אימ געווענ,

זי האָט אים געהאַלטן אביסעלע אין דער מוירע און ער האָט זיך פאַרנומען אַבי־סעלע צו אײַפערן זי, צו יונגע אַרבעטער. איצטער האָט ער געזוכט זיך איבער־בעטן מיט דער ווײַב:

— אײַ, דווירעלע,—האָט ער געזאָגט מיט זײַן גאַנצן הומאָר,—וווּהין דו צילסט, אַז דו ביסט אַ פאַבריקאַנטשע, כאַ, כאַ, נו, באַ גאָט איז אַלץ מעגלעך. דערווײַלע זאָגסטו, אַז עס קלינגט די שטאָט מיט כעמעס באָכערל? טאַקע אַזאַ אַנטיקעלע איז ער? נו, דאַרף מען אים אַ רוף טאָן טאַקע.—ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן אביסעלע אופגערעגט.—האַ, ווער איז דאָרטן? ווי קומט דאָרטן אין פאָרשטוב בעבע?

— שאַ, שאַ, וואָסטע זיך ווידער דערשראָקן, דאָס ט'ער מיך, בעבע, געבראַכט פון מאַרק,—האָט דווירעלע אים ווידער באַרויִקט.—בעבע,—האָט זי באַפוילן,—פאָר צו אין בעסמעדרעש, צו כעמע דעם שאַמעס און זאָג זײַן זון קיווען, אַז רעב מוישע ליבסקע רופט אים.

— אָט בין איך געקומען אַליין,—האָט געזאָגט קיווע,—דער טאַטע האָט מיר שטרענג פאַרזאָגט, אַז נאָר צו רעב מוישע ליבסקעס זאָל איך גיין אַרבעטן.—ווי אַ שוואָם אפן וועג, אומגעריכט פאַרן אויג איז דער קיווע'לע דאָ אומגעריכט אויסגע־וואַקסן. די מאַדאַם דווירע האָט פון אופרעגונג געעטעמט שווער מיט איר פולן גרויסן בוזעם, געהאַלטן די הענט אף די היפשע היפטן, צעשטעלט ברייט די פיס אין די הויכע שטיוועלעך. זי האָט כענעוודיק געקוקט מיט אַ פּאָנעם אַ שוואַרצן, מיט אַ צעצויגענעם מויל מיט ליפּן דינע, מיט אַ האַלדז גיידערס. אַלץ איז געווענדט געווען צו דעם באָכערל מיטן צעשפּיליעטן קאָלנערל אין קורצן רעקעלע מיט גאָר ברייטע הויזן, מיט אַ פּאָנעם אַלעמען אַ קענטלעכן, אַ ליבן, עטוואָס באַשפּרענקלט מיט זומער־שפּרינקלעך.

— וואָס איך קאָן נייען, פרעגט איר? פון אַ וועסט ביז אַ פראַק קאָן איך נייען. כ'האָב גענייט אין אָדעס באַם דײַטש גראָט, איר האָט געקאָנט הערן פון גראָטס פירמע אין אָדעס אף דעריבאַסאָווסקע, כעכעכע,—האָט ער שוין געקוואָלן,—אַ קלייניקײַט גראָט, דאָס איז פאַריזש, עכטער פאַריזש!

בעבע האָט דערווײַל זיך געקלאַפּט מיטן בײַטש־שטעקל איבערן שטיוול, און אין קאָפּ באַ אים האָט געטומלט:

— לאַזאַרעוו רעדט וועגן רעוואָליוציעס און דער דאָזיקער יאַטל, קיווע, שפּילט מיט זײַ קאָמעדיעס, זאָל איך אַזוי לעבן ווי ער שפּילט קאָמעדיעס. אָט נעכטן אינאָוונט האָט אים דער דאָזיקער קיווע'לע אָפּגעזוכט אפן בירזשע און געשמייכלט צו אים ווי אַן אַלט באַקאַנטער און געזאָגט צו אים אַזוי שמייכלענדיק: „אין היט־קאַמער אפן וואָקזאַל האָב איך געלאָזן אַ קוישל. אַז מע אַרבעט אין אָדעס פאַר־דינט מען גוט און מע קויפט זיך פײַנע זאַכן“. איז ער, בעבע, געפאָרן מיט קיווען אפן וואָקזאַל און צוריק געפירט אַ קוישל אַ היפּש שווערן און איצטער איז ער זיכער געווען, אַז אין אַזאַ קוישל קאָן זײַן פול מיט יענעץ דינאַמיט, וועגן וואָסערן עס רעדט לאַזאַרעוו דער קאָרטן־שפּילער. קלאַפּט ער שטאַרקער, בעבע, מיטן בײַטש־שטעקל זיך אָן שטיוול. עס טאַנצט, שפּרינגט באַ אים דאָס האַרץ—אײַ, ווועט אַט דער קיווע'לע מיט זײַ אָפּשפּילן אַ פײַנע קאָמעדיע.

3

איבערן שטאָט טראָגט זיך אבראשע גאָלדנווייַזער אפ א שפּאָגל־נייַער אווטאָמאשין. אלע ווייסן, אז דער דאָזיקער אבראשע גאָלדנווייַזער האָט זיך פאר די עקזאמענעס אין אוניווערסיטעט אָפּגעשמאדט פאר א טערק. אסאך גווירישע זינדלעך אין שטאָט האָבן זיך אָפּגעשמאדט ווער פאר א דייַטש און ווער פאָשעט פאר א קריסט און טאטעס פירן זיי אין קלויזן און קויפן פאר זיי קיבודים—מאפטערס—און דער גוויר גאָלדנווייַזער האָט זיך שוין איבער די מאפטערס צעלייגט, ווי א הונט איבער א נעווייַלע. דעם פארגאנגענעם שאבעס האָט ער דעם זון באזאָרגט מיט מאפטער אין דער סאָכרישער שול, און אין דער באסטע־שול האָט ער נאָכאמאָל פאר זיך באשטעלט א מאפטער. האָט א שול מיט יידן בא א צעוויקלטער טוירע געווארט אפן גוויר גאָלדנווייַזער גאנצע צוויי שאָ. אין שטומעניש געווארט. איין כעמע דער שאמעס האָט פראָטעסטירט:

— וואָס איז דאָ, א בעסמעדרעש, צי א האנדל מיט דזשעגעכץ?—האָט כעמע געשריִען.—ס'איז קריִעס האטוירע, צי מען מעקלערט דאָ אימעניעס און מע ווארט אפן סויכער?!—ער איינער, כעמע, האָט בא טויטער שטומעניש פארלאָזן די טוירע, די בימע, די שול און איצטער רעדט וועגן דעם א שטאָט אין מארק און אין באָד, אין קראָם און אין בעסמעדרעש. אלע גיבן אים גערעכט, כעמען, נאָר אלע ווייסן, אז ער וועט האָבן א פינצטערן סאָף טאקע פון גאָלדנווייַזערן, צוזאמען מיטן גאבע מוישע ליבסקע.

צו דער גווירישער האנדלס־בירזשע האָט זיך אין דעם פרימאָרגן געטראָגן דער גוויר גאָלדנווייַזער, אראָפּגעשפּרונגען פון דער בריטשקעלע און גערופן מיט דער האנט צו איינעם, וואָס איז געגאנגען אביסל ווייַטער צו די מאנופאקטור־קראָמען:

— אנו, קום נאָר אהער, דו געברויכטער ייִד, וועל איך מיט דיר א רעד טאָן, דו פערעאָדאָם, וואָס מע רופט דיך מוישע כאָכעם. הערסט, איך האָב דיר געגעבן דעם פארלייַזיקטן בעסמעדרעש, געמאכט דיר פאר א גאבע, וועל איך דיר מאכן פאר אויס גאבע און פאר אויס כאָכעם.

מוישע ליבסקע האָט פון דעם באָרעכאבע דערפילט א צוגווינט אין אלע ביינער. ער האָט זיך געטרייסלט ווי א הונט ערשט פון וואסער.

— וואָס זאָל איך טאָן מיט אזא פארכ א ייִד?—האָט ער זיך געוואָלט פארענטפערן, נאָר גאָלדנווייַזער האָט אים פארמאכט דאָס מויל, ניט געלאָזט א וואָרט אויסריידן:

— כ'ווייס, כ'ווייס, אלץ ווייס איך, אז פאר צוויי יאָר האָסטו דעם כעמען קיין פרוטע ניט געצאָלט.—גאָלדנווייַזער האָט אָנגעשטעלט זייַנע אויסגעפוקלטע אויגן אין מוישע ליבסקעס גראָווע פּאָנעם:

— כ'ווייס, פון פּאָגראָם־שרעק לאָזט זיך אויך עפּעס אראָפּ אין קעשענע. טיילסט זיך מיטן פּאָליצמייסטער, כ'ווייס.

האָט מען דעמלסט געזאָגט, אז דער כאָכעם מוישע ליבסקע איז אוועק פון דער בירזשע מיטן פּאָנעם אפ פאָרנט, מיט די פיס אפ הינטן.



אינדערהיים האָט אפ מוישע ליבסקען געוואַרט בערע כאַזער, א ייִד א גאַנצער שמאַלץ־זאַק מיט גיידערס, א וואָכ ניט געגאָלטע, מיט אויגן קליינינקע און שטע־כיקע. ער האָט זיך צעלייגט אפן טיש מיט א בלאָקנאָטל פאַרשריבענע בלעטלעך, געאָטעמט ווי א פעטע גאַנדז און אונטערגעפּירט א כעזשבן—וויפל האָט מוישע ליבסקע אַרײַנגעלייגט אין קעשענע פון כעמע דעם שאַמעס געהאַלט און צום סאָפ כעזשבן איז געווען צוגעשטעלט א צעטל, וויפל עס קומט פון דעם לייבע כאַזער, אפ זײַן כיילעק מיט פּראָצענט.

דווײרעלע האָט דעמלט געפונען איר מוישע כאָכעם פאַרוויקלט דאָס האַלדז מיטן קאָפּ צוזאַמען אין וואָלענעם שאַל. נאָר די אויגן האָבן אפ איר געגרימט:—איצטער־אָ,—האָט ער געבורטשעט,—ווען אָט דער גאַזלען כעמע האָט מיך געקוילעט אָן א מעסער, זיצט דאָ בא מיר אין שנײַדערײַ זײַן זון, דער רויטער קיוועלע, און זי, דווײרעלע, מאַכט מיט אים גאַנצע קוצעניר־מוצעניו.

— וואָס?!—האָט דווײרעלע אפ אים אָנגעשטעלט צערייצטע אויגן,—וואָסטע זיך אַרומגעבונדן, גוילעם, און וואָס קוקסטו אפ מיר ווי ראַבטשיק אפן טאַטן. האָסט געהערט א מאָשל־קאַפּאָשל, אַז דער קיוועלע מאַכט א ראָק אַליין פאַרן קייסער. איז גיי וואַרפ אים אַרויס, מאַך דו די זאַבאַסטאָווקע אין סאַמע מיטן סעזאָן.

אָבער אַז די דווײרעלע איז פאָרט קלוג—האָט פאַר זיך געטראַכט מוישע ליב־סקע—אַז זי האָט א מאַנסבילשן קאָפּ קיין אײַנהאָרע. פון איינעם אירן א וואָרט און אירן א קוק, גייט אים אָפּ דאָס כאַרקילעכץ. טאַקע אַזאַ סעזאָן, אַלע שנײַדע־רײַען זײַנען פול מיט אַרבעט און בא אים איז פולער, ווי בא אַלעמען. עס שפּאַרן אַהער צו אים רײַכע יעשװוניקעס, וואָס קריכן זיך ייִכעס און באַשטעלן זייערע זין גאַנצע רעק, פּאַלטנס און פוטערס. אַז עס שפּאַרן אויך אַהער צו מוישע ליבסקען אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אַריסטאָקראַטן, ציִעניסטן, אַליין דער פּראָקוראָר מיטן פּאָליצמייסטער. און אין דעם גרויסן קאָרידאָר, וואָס איז אַמאָל געווען גע־גלאָזט און הײַנט איז ער אפ האַלב מיט פּאַניר פאַרקלאַפּט, ווו ווינטער איז קאַלט און זומער איז הייס, אין דעם קאָרידאָר, ווו אַלעמאָל זײַנען מאַקסימום געזעסן א האַל־בער צענדליק אַרבעטער, זיצן שוין איצטער צוויי מיניאָנים. מע זיצט ווי געגנדז אין א שטײַג. מע רײַבט זיך א פּלייצע אָן א פּלייצע און הענט זײַנען אַלץ ווייניק. און בא דעם אַלעמען טראָגט זיך נאָך אַרײַן כאָמענקע דער סטאַרעסטע פון טאַבאָר:

— הער, ייִד,—זאָגט ער,—מיר דוכט, אַז דו ביסט א קלענערער גאַנעוו, ווי אַנ־דערע, אַז איך נעם שוין זעקס מיט א האַלבן אַרשין ברייטע סכוירע און זיי פאַר־שמעלערן מיר אַלץ די הויזן.

— ווּעסט נעמען, פּאָרעץ גנעדיקער, זיבן מיט א האַלבן, וועט דיר פונקט זײַן געננוג,—זאָגט מוישע ליבסקע, און דער פּאָרעץ שטעלט אָן מויל און אויערן און נעמט זיבן מיט א האַלבן אַרשין און מוישע ליבסקע האָט שוין דעם איטער אפן קאָפּ, אפ א גאַנצער פּאָר הויזן וועט אים בלײַבן און מוישע ליבסקע קוועלט אָן פון דווײרעלען זײַן ווײַב, פון איר קלוגן און שיינעם לאָשן.

— האָסט אים אין דער ערד, דעם בערע כאַזער,—זאָגט דווײרעלע,—גיב אים א פּײַג. ער האָט אפ דיר וועקסלען? באַלע וואָס ער מאָנט, זאָלן זייביידע מיט גאָלדנווײַ־זערן שפּרינגען ווי די הינט אפ איין קייט.

אזוי ווי מיט האָניק שמירט זי זײַנ הארצ אונ ער צעוויקלט זיכ די האלדז אונ גיט א טאנצ ווי א האָנ אפ איינ פוס אונ ער דערלאנגט איר א קניפ ערגעצ אינ ווייכנ אָרט אונ קוועלט מיט זײַנ אש-קאָלירקנ פאָנעמ אונ זי גיט א יונגנ קוויטש אונ רויגעזט זיכ מילד:

— הערסטו, זאָל דיר קנײַפנ דער ניט גוטער, מוישעלע, אז נאָר עפעס, קוקט ער אפ מיר, ווי ראבטשיק אפנ טאטנ.

— נו, נו, נו,—מאכט ער צו איר אזא שיינ מינעלע, ווי צו א קינד.—ענ, ענ, ענ, די ראבע הינדעלע האָט געלייגט אנ אייעלע.—א צופרידענער צעווארפט ער אפנ דיל די זיבנ מיט א האלבנ ארשינ שטאָפ אינ א צווייענדיקער ברייט אונ נעמט זיכ צייכענענ פארנ סטאראָסטע פונ טאבאָר אנ אָנצוג אונ פונ די צעוואָרפענע צוויי ברייטנ קוקט אפ אימ ארויס א גאנצע פאָר הויזנ איטער אונ עס שמעלצט זיכ זײַנ הארצ פונ האנאָע. ער האָט ליב איטער אונ נעמט דערפאר ניט קיינ פרעמדנ צור־שנײַדער. ער אליינ שטייט אופ פארטאָג, טרינקט די גרויסע גלעזער טיי מיט פור־טער־פלעצלעכ אונ שנײַדט אונ מערקירט אויס פײַנ איטער. אָבער א גאנצע פאָר הויזנ מיטאמאָל,—דאָס איז שוינ גאָר אנ אנדער מינ סאָרט איטער אונ ער זינגט פונ פרייד א לידעלע פונ טעאטער:

איכ דאנק דיר, גאָט, וואָס איכ בינ א ייִד.
דערפאר איז מיר עמעס גוט.
גאָטעניו, טאטעניו, איכ האָב צו דיר קיינ טײַנעס ניט.
איכ דאנק דיר, וואָס איכ בינ א ייִד.

ער גיט זיכ א כאפ צעשראָקנ, דאכט זיכ, אז אויסער אימ זינגט נאָכ עמעצער. ער הערט זיכ צו—יאָ, מע זינגט בא אימ אינ שנײַדערײַ. עס גיט אימ אנ עקבער אינ הארצנ, לויפט ער אפ די שפיצ פינגער, פאלט צו צומ טיר אונ אינ שפארונע זעט ער זיצט קיועלע, מיט אימ א גאנצער צעגדליק כעוורע אונ זינגענ ניט גאָר הויכ. אָבער קלאָר זינגענ זיי:

— דאָס וועט זײַנ שוינ דער לעצטער אונ אנטשיידענער קאמפ.

— אכ, ניט גוט!—שרײַט ער אויס. ווענ ניט דווירעלע, וואָלט אימ געכאפט א גוואלדאָוונער צוגווינט. נאָר דווירעלע טרייסט אימ קלוג אונ פײַנ:

— אלע בייזע יאָר אפ זיי, זאָלנ זיי זינגענ, אבי זיי נייענ, נאָכנ סעזאָנ וועסטו זיכ נעמענ צו זיי, מעט מיט גאָטס הילפ עפענענ דעמ קאָנפעקציאָנ־מאגאזינ, וועט מענ האלטנ אינ שטוב נאָכ עטלעכע מענטשנ, אונ די איבעריקע ארבעט ט'מענ אָפגעבנ אהיימ. אונ א שיינע רײַכע קאפאָרע אפ זייערע קעפ.

אײַ, איז זי קלוג דווירעלע. טאקע, אז די ווענט ווערנ צעשפארט פונ ארבעט אונ זינגענ זינגענ דאָכ אלע, קאָנ ער דאָכ ניט נעמענ זיי אלע ארײַנהאקנ אינ אָסט־ראָג. ווער וועט נייענ? פונ ליבשאפט זוכט ער איר ווײַטער געבנ א קניפ, נאָר זי פארשטעלט זיכ אונ שפארט זיכ צו אימ מיט איר היפשנ גופ אָנ, ער מאכט צו איר זײַנע טײַוועדיקע סנועלעכ—ענ, ענ, ענ, די ראבע הינדעלע האָט געלייגט אנ אייעלע, כע, כע, כע, דווירעלע.

4

אין זײַן קאבינעט זיצט מוישע ליבסקע באם געגרייטן טיש און פראוועט זײַן סודע. קיינער וואגט ניט ארײַנקומענ אהער. ווען דער באלעבאָס עסט, ווען דער באלעבאָס שלאָפט איז שא שטיל. אפילע די דינסט גייט אפ די פינגער. רעב מוישע ליבסקע האָט שוין ארײַנגעקערט אין האלדז ארײַן עטלעכע קעלישעקלעך גוט אָנגעשטעלטע בראנפן. האָט שוין צוגעביסן מיט רעטעך, געריבענעם מיט א ציבעלע. פעט מיט גענדזן-שמאלץ, ווי ער האָט ליב. מיט גרויסן טאם האָט ער געגעסן דעם אײַנגעהאקטן לעבער, טאקע נאָכאמאָל מיט ציבעלע און פעט מיט גענדזן-שמאלץ, ווי ער האָט ליב. ער האָט שוין געגעבן עטלעכע פעטע גרעבצן און אָנגעגאָסן זיך נאָך א קעלישעקל בראנפן. אפן טיש האָט זיך געדעמפט א פעטע יויך פון הון, א טעלער פאסאָליעס מיט אן אָנגעפילטער העלדזל און א הינערשע פאָלקע א צוגעפרעגלטע איז געלעגן מיט א צעבראָכן קניעלע אפ ארופ. ראָזעווע כריין האָט פון דער ראָזעווער כריין-קיילע ראָז געוווּנקען צום פרישן, באטאמטן זענעפט, זיי ביידע צום קעלישעקל, וואָס איז שוין אין רעב מוישע ליבסקעס הארטע פינגער געווען און ראפטום האָט א ציטער געטאָן די האנט, און דאָס קעלישעקל האָט פון די פינגער א טאנץ געטאָן אפ דער ערד און צעגאָסן זיך מיט א דינינקן קלאנג פון צעבראָכענעם גלאָז.

— וואָס?—האָט ווי אלץ אפן טיש געפרעגט פארכידעשט.

אין טיר איז געשטאנען קיווע כעמעס, געשטאנען מיט א שמייכעלע און בא מוישע ליבסקען האָבן די אויגן ארויסגעשפארט ווי די באנקעס, דאָס פּאָנעם ווי גראָוער אש און די האלדז האָט קוים ארויסגעמרוקעט: וואָס?

— אן אונטערקאָלנער דארף איך,—האָט געזאָגט קיווע.—איר האָט מיר געגעבן גאָלע ברעקלעך, וואָס טויג נאָר אפ כאָמעץ צו פארברענען,—ט'זיך געוויצלט קיווע,—און איבער א שטיקעלע שטײַפ לײַוונט שנײַדט מען זיך די פינגער.—אזוי קאלט און אזוי געלאסן מיט א שמייכעלע איז ער געשטאנען, קיווע, און דאכט זיך, אז הינטער אים איז געשטאנען די גאנצע שנײַדערײַ. האָט ער, רעב מוישע ליבסקע, געוואָלט שרײַען אפן גאנצן האלדז, נאָר ער האָט זיך באהערשט, מיט געמאכטער רויִקײַט געפרעגט:

— דו האָסט שוין געגעסן וואַרמעס?

— געגעסן,—האָט געזאָגט קיוועלע.—אזעלכע וואַרמעסן אפ גווירן און כאזיירים געזאָגט געוואָרן. אן אונטערקאָלנער, זאָג איך, דארף איך האָבן.

— האָסט געגעסן,—האָט איבערגעכאזערט מיט רוגזע מוישע ליבסקע,—אז דו האָסט געגעסן האָב איך דיר געשטערט? בין איך צו דיר געקומען מיט פרעגענישן? וואָס ביסטו געקומען, ווען איך זיץ בא מײַן מיזבייעך און עס מײַן קאָרבן, דו, דו, כאזער?

דער גליק איז געווען, וואָס פונקט דעמלט איז אָנגעקומען דווירעלע און האָט צעריבן דעם פאָרשפיל, ווי זי האָט עס אָנגערופן. זי האָט מיט איר הויכן בוזעם צוגעפרעסט זיך הארט צו רעב מוישע ליבסקען און מיט די הענט פארמאכט אים דעם מויל:

— שא, עס געזונטערהייט און זאָל דיר ווויל באַקומען. וואָסי, קיווע, כאָלילע, פאַרגינט דיר ניט דאָס עסן, ער איז דאָך נאָך בא אונדז א נײַנקער. ער האָט פּאָשעט ניט געוווּסט, אז דו האָסט פײַנט מע זאָל דיר שטערן באַם עסן.—זי האָט באַגלייט קיווען פון צימער און אין דורכגאַנג האָט זי א נעם געטאָן קיווען פאַר אַן אויער און צוגעשפּאַרט זיך צו אים מיט איר בוזעם מיט א טײַוועדיקן כיכיקעלע:

— אָדעסער מאַמזערל, מע גייט ניט צו א באַלעבאָס, ווען ער זיצט בא זײַן קאָרבן און עסט זײַן מיזבייעך,—האָט זי אַביסעלע צעפלאָנטערט דעם מאַנס ריידעלעך. נאָר קיווע האָט זי אַזאַ ברִיקע געטאָן פון זיך.

— מאַדאַם,—האָט ער געזאָגט,—גייט אין באָד. אײַערע הענט זײַנען גליטשיק, ווי בא א מאַרק־פישערן.—האָט זי אַף דעם בלויז געענטפערט מיט א דינינקן כי, כי, כי, כי, אָדעסער מאַמזערל.

האָט א שנײַדערײַ אויך געכיכיקעט פון האַרצן. איזדעקעוועט זיך איבער דעם כאָכעם מוישע ליבסקען, וואָס דער אָדעסער האָט אים פּאָסל געמאַכט דעם קאָרבן באַם מיזבייעך. און נאָך אייניקער איז געוואָרן דאָס געזאַנג—„דאָס וועט שוין זײַן דער לעצטער און אַנטשיידענער קאַמף!“

מוישע ליבסקע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון נאָכוואַרמעסדיקן שלאָף. א טומל, ווי פון א יאַריד, האָט זיך צו זײַנע אויערן דערטראָגן. ער האָט א צי געטאָן אין זיך א פײַן ביסל רויך און האָט זיך צעשראָקן א שטעל געטאָן אַף די פיס—וואָסי, א סרייפע? ער האָט די פיס אַרײַנגעשטעקט אין די פוטערנע שטעקשיך, אַרומגעוויקלט דעם וואָלענעם שאַרף אַרום האַלדז און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער. איז ער גלײַך אַוועק נאָכן טומל. די טיר פון שנײַדערײַ איז אָפן געשטאַנען און די פענצטער צעעפנט.

— וואָסי דאָ? וואָס האָט זיך דאָ געטראָפן? וואָס פאַר א רויך איז דאָ?

— די קוילן טשאַדען, שטינקען, איר זוכט מעציִעס, ביליקע קוילן אין בעקערײַ, ווו אין די טעפּ קוילן פּאַסקודיען מענטשן און קעץ.

מוישע ליבסקע האָט גערופן די דינסט:

— פריסקע! פאַרמאַך די פענצטער, פריסקע!—און געזידלט:—ווו קויפסטו עס אַזעלכע קוילן?—די אַרבעטער האָבן דערפילט, אז מיט דעם האָבן זיי עפּעס אויסגעשפּילט. אז עפּעס האָט מוישע ליבסקע אָקאָרשט פאַרשפּילט, אז אין זײַן שטרענגער דיסציפּלין האָט זיך געמאַכט אַן אײַנרײַס. און קיווע איז אויסגעוואַקסן אין זייערע אויגן. און אז דווײרעלע, די באַלעבאָסטע, וואָס האָט זיך פון גאַס אָנגעטראָגן, האָט געוואָלט א קוק טאָן אין ווערקשטעל, וואָס דאָרט קומט פאָר, האָט קיוועלע א ווונק געטאָן צו די אַרבעטער און אַלע, ווי איינער, האָבן געלאָזן יאָגן די מאַשינעס און זעצן מיט די פּרעסן ווי מע וואָלט טויזנט קעלנער געשטעפּט און אײַנגעפּרעסט. האָט זי זיך דווײרעלע צעלאָזן אַף די לערן־יונגען:

— סמאָרקאַטשעס! כוילע זײַט איר געווען אויסקלײַבן די קוילן זאָלן ניט רויכערן.—נאָר כעוורע האָבן געשטעלט ציינער און די אויערן האָבן געפּלאַצט פון טומל און אז זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן קיווען א ביסעלע מוסער, האָט ער מיט א שמייכעלע געקוקט איר אין פּאָנעם:

— מאַדאַם,—האָט ער איר געזאָגט,—א ראַכמאָנעס אַף אײַער מאַן רעב מוישע ליבסקע. ער איז, נעבעך, א כאָכעם. לאָזט אים גיין אין די הויזן.

האָט מען געלאכט בײז און געיאָגט די מאשינעס. עפעס גלײַך װי יעדער הארץ האָט מיט דעם געװאָלט אויסגיסן דאָס גאנצע אָנגעזאָדנקײַט און דער געלעכטער פון אײנעם האָט זיך געצויגן װי א קרעץ צום צװײטן און אָנגעשטעקט מיט זיך די סאמע אָנגעכמורעטע און אָפגעשטאנענסטע ארבעטער מיט בערד, װעלכע האָבן זיך אין באָרד ארײַנגעלאכט:

— כע, כע, כע,—לאָזט אים גײן אין די הויזן...

— הער, װי זײ לאכן,—האָט געגרוילט ליבסקע,—װי די שײדים אין גענעם לאכן זײ. אלעמען דארף מען אין קײטן שמידן און אין סיביר פארשיקן אלעמען.

אָט איצט האָט די מאדאם ליבסקע אויך געציטערט פון אײמע:

— הער נאָר,—האָט זי געזאָגט,—דאָס לאכן זײערער װעט זיך צעשפרײטן װי א קרעץ. א גאנצע שטאָט װעט װיסן, אז מע לאכט בא מוישע ליבסקען אין שנײַדערײַ. מע לאכט.

5

— מע לאכט בא מוישע ליבסקען? מע לאכט—טאקע מע לאכט? אפ אן עמעס מע לאכט? ארבעטער, ניט נאָר שנײַדער, נאָר אויך פון אנדערע פאכן האָבן זיך ניט געקאָנט גלײבן, אָנזעטיקן מיטן װונדער. װי געשיקט זיך עס, בא מוישע ליבסקען אין קאזעמאט פאר ארעסטאנטן לאכט מען? ארבעטער זײַנען דעמלט ארײַנגעלאָפן אין דעם פונדאָסנײַ געעפנטן פראָפאריין כאפן א קוק און אלץ נאָך געפרעגט—װאָס, דאָרטן בא מוישע ליבסקען טאקע, לאכט מען? װען? װו? בא מוישע ליבסקען? ארבעטער האָבן שוין געװוסט, אז אין לאנד רודערט. פעטערבורג, מאָסקװע, קיִעװ, אָדעס, מע שטרײַקט, מע קעמפט.

— נו, איז װאָס, זאָל זיך דאָ עס אָנהײבן פון מוישע ליבסקען? מע לאכט כא, כא, כא, בא מוישע ליבסקען אין קאזעמאט לאכט מען!

אין אײנעם א טאָג איז צו מוישע ליבסקען ארײַנגעקומען א נײַער קונד, באָריס העלפאנד. ער האָט מיטגעבראכט א גוטן שטיק שטאָף, װאָס דער טאטע זײַנער לײבע העלפאנד דער פראָצענטניק האָט אלס מאשקן באקומען. ליבסקע האָט זיך גאָרניט געקאָנט אָפװונדערן פון דעם שטיקל שטאָף. אזא אנטיקל איז עס. ער האָט אים א מאָס גענומען און געפרעגט:

— איז װי װילסטו זאָל עס זײַן, א ייִדישער אָנצוג, דאָס הײסט, עס זאָל זיך שפּיליען פון רעכטס אפ לינקס אָדער פארקערט? מיר איז אלצײנס, בא א ייִדן בין איך מעכויעװ פרעגן.

— נאָר, נאָר א ייִדישן אָנצוג, זאָלט איר מאכן,—האָט געזאָגט באָריס הויך, מע זאָל הערן דאָרטן אין שנײַדערײַ,—איך בין א ייִד, אפ װיפל עס גײט װעגן די זײטן פון פאָלק. דאָס פאָלק שפּיליעט זיך פון רעכטס אפ לינקס, דאָס איז לײַכטער, באקװעמער. און אין דעם איז דאָ א טיפער זין, דאָס געזונטסטע, דאָס ראציאָנעלסטע אין פאָלק. די רעכטע זײַט איז שײן, די רעכטע האנט איז שטארק.—װער חײס װאָס עס װאָלט נאָך אָנגערעדט באָריס העלפאנד, װען פון הינטערן טיר װאָלט

ניט אויסגעפּלאַצט א דונערדיקער געלעכטער. מוישע ליבסקע איז אזש פארשעמט און פארטויבט געוואָרן. צוואנציק העלדזער האָבן זיך צעראַהאָטשעט און אלס צוגאָב האָט מען נאָך א יאָג געטאָן די מאשינעס, גענומען זעצן מיט די פּרעסן און באָריס האָט זיך שטיל, גאָר שטיל ארויסגערוקט פון מוישע ליבסקעס שטוב.

די דאָזיקע יידישע וועסטל פון באָריס העלפאנדס יידישן אָנצוג איז אריינגעפאלן צו קיווען. אים, דעם מײַסטער פון רעק, פון שווארצע סמאָקינגס האָט מוישע ליבסקע געפונען א מיטל וויאזוי טאָן צעלאָכעס: נא, ניי א יידישן וועסטל. איז קיווען אלציינס, נייט ער די וועסטל, די שטאָף איז גוט, געשמאק צו דער ארבעט. אזוי לײַכט ארבעטן די הענט. דער קאָפּ זײַנער איז פארנומען מיט עפּעס אנדערש.— אומעטום צעוואקסט זיך אזוי העפטיק דער קאמף, דערציילט ער די כאווירים. אפּ דעם מאָל וועט דאָס דאָרף זיך א ריר טאָן צו הילף. עס צינדן זיך שוין אָן פּריוויש מאיאָנטקעס, זיי ברענען—אין די נעכט העל, ווי דער פויערשער צאָרן.

ער האָט שוין אָפּגעמאכט די ברעגן אין וועסטל.

אפן קלעצעלע ליגט דער פּאָרנטל מיט פינף אָנגעצייכנטע לעכלעך. די הענט שטעלן אָן דעם דורכשלאק. מיט א הילצערנעם האמער דערלאנגט ער פינף טויבע זעצן און ארויסגעהאקט פינף לעכלעך אין לינקן פּאָרנטל.

— זעקס, אין דעם רעכטן פּאָרנטל האָסטע באדארפט אויסהאקן זעקס לעכלעך. א יידישער וועסט,—האָט עמעצער ארויסגעריסן פון הארץ א וואָרענונג. נאָר די וואָרענונג איז שפּעט געקומען. די יידישקײַט פון וועסטל איז שוין געלעגן א געקרייצטע. ניטאָ מער קיין טראָפּעלע יידישקײַט אין באָריס העלפאנדס וועסט.

רעב מוישע ליבסקע האָט זיך ערשט געגרייט נעמען פּראווען די ווארמעסדיקע סודע. ער האָט זיך שוין געהאט געוואשן מיט דער קופּערנער קוואָרט מיט צוויי אויערן, פון רעכטס אפּ לינקס, געגאָסן די וואסער פרום און הויך געזאָגט אל נעטילעס יאָדאַיִם, ווי עמעצער האָט אים אָנגעזאָגט אָט די בייזע בסורע. ער האָט פארגעסן מאכן האמייצע, פארגעסן, אז ער, מוישע, האָט מוירע פאר א צוגווינט, אָט אזוי אין איינ ווארעמען קאפּטל, אָן דעם וואָלענעם שארף אפן האלדז, האָט ער זיך ארײַנגעטראָגן אין שנײַדערײַ און ווי א געקוילעטער געכליפּעט:

— גוואלד! ער האָט מיך געקוילעט דער אָדעסער מאמזער! גוואלד, אזא סכוירע, אזא זעלטנהײַט, לייבע העלפאנדס זונס זשילעט! איי, דווײרעלע, רופ ארײַן פּאָליציי, אין טורמע, אפּ קאטערגע וועט ער בא מיר גיין דער אָדעסער מאראַוויכער!

עמעצער פון די ארבעטער האָט זיך דערוויַלע ארײַנגעכאפּט אפּ דער אָ פּאָליצע, וו עס ליגן הויך שטאָפּן, שטיקער איטער, און האָט פון דאָרט ארויסגעשלעפּט א רעשט איטער פון דעם יידישן אָנצוג, האָט עס צעוואָרפן אפן טיש און פאר אלע ארבעטער אין די אויגן האָט ער א זאָג געטאָן:

— רעב מוישע, איר זײַט דאָך א כאָכעם, וואָס שרײַט איר, וואָס גוואלדעוועט איר. אָט האָט איך דאָך ארויפגענומען איטער. נישקאָשע, איר וועט א קניײטש טאָן מיט אײַער קלוגן קאָפּ וועט איר נאָך אויסמערקירן נאָך א וועסטל פאר זיך מיט א פּאָרנטל פאר דעם יידישן וועסטל, נאָר נייען וועט איר שוין אליין. מיר וועלן ניט נייען!..

6

א שטאָט גווירנ, פייַנע באַלעבאטים האָבנ אינ זיכערער רוּיִקייַט געכאפט א געשמאקן נאָכוואַרמעסדיקן שלאָף. נאָכנ שלאָף אָפּגעגאָסנ נעגל־וואסער מיט א צווייהאנטיקער קאַנ, פאַרטריבנ, דאכט זיכ, די קליפּע, אַלע מעכאבלים, וואָס קאָנענ ארויסרופנ אומרו אונ כאָלילע שטערנ צו זאטע אונ לייַטישע פּאַרנאָסעס. מע האָט זיכ ערשט געהאט געזעצט צום פייַנעמ טיי מיט אייַנגעמאכטס, האָט מענ ראַפּטום דערפילט א זאמד אונטער די ציינער אונ דער קאָפּ צוזאמענ מיטנ גאנצנ גופ האָט א גרויל געטאָנ פונ א לאנג פאַרגעסענעם וואָרט—שטרייַק!

נאָכ אזויפיל זיכערע יאָרנ ווידער א שטרייַק אונ ווי, בא מוישע ליבסקענ! אָבער שטארקער פונ אַלעמענ האָט עס געטראָפנ טאקע מוישע ליבסקענ. צוזאמענ-מיט א צוגווינט האָט א כארפּע באַגאָסנ זייַנ פּאָנעם. מוישע ליבסקע האָט דעם ערשטנ טאָג געשעמט זיכ באַווייַזנ פאַר מענטשנ, ווי ער וואָלט א שטאָט גאַראַנטיעס געגעבנ, אז צו קיינע שטרייַקנ אונ סמוטעס וועט ער, מוישע ליבסקע, ניט דערלאָזנ. האָט נאָכ אימ, א צוגאָב, זייַנ דווירע געהירזשעט:

— כ׳האָב געזאָגט, טשעפּע זיכ ניט צו קיוולענ, ווי א נאסע טוכ צומ הינטנ, ער נייט רעק, גיב אימ רעק, וואָס גיסטו אימ, דעמ אָדעסער, נייענ א ייִדישנ וועסטל. ער וויס, וואָס עס הייסט ייִדישקייַט? א היצ אינ באָד. טאָמער וועט לייבע כאזערס זונס ייִדישע וועסטל האָבנ פינפ לעכלעכ אונ ניט זעקס אינ דער רעכטער זייַט. אונ פאַרוואָס עפּעס נאָר קיוועלע? אז דער שמערל יוק, אָט דער שטומער לעלע, איז דיר מער סוינע פאַר דעמ אָדעסער. א ייִד זאָל פאָלגנ אמאָל א ווייַב. אז נאָר עפּעס, קוקט ער אפ מיר ווי ראבטשיק אפנ טאטנ.

דווירעלעס „מייַנעלאָשנ״ איז הייַנט געווענ אביסל צו לאנג אונ צו גרילצנדיק. אָבער לויטער גאָלד האָט זיכ פונ דעמ געגאָסנ. טאקע, אז א שמערל יוק, א שטומע לעלע, וואָס קיינמאָל הערט מענ פונ אימ קיינ וואָרט ניט, מרוקעט זיכ אונטערנ נאָז, ארבעט געטרייַ, דאכט זיכ, שלאָפט אפ א ברעט מיט א פּרעסלקע צוקאָפּנס אונ איז באַנוגנט, קוקט אפ דער וועלט מיט בעהיימישע אויגנ, רופט מענ טיי טרינקענ, קומט ער א לעצטער, גיסט זיכ אָנ א גלאָז אָפּגעצויגענעמ טיי אונ פונ די פּאָר ברעקלעכ צוקער, וואָס אַליינ די מאדאמ ליבסקע צעדריבלט עס מיט א צווענגעלע, נעמט ער איינ ברעקל אפנ צונג אונ פאַרשלינגט א פּאָר אַלטגעבאַקענע ביסנס ברויט אונ לויפט ווידער צו דער גענייַ.

— מאדאמ,—האָט איינמאָל קיוועלע געזאָגט,—וואָס פאַרנעמט איר זיכ מיט שמערלענ ווי מיט א פּיצל קינד. כוילע איז אזא געזונטער שמערל—יוק, נעמענ מיט זייַנע געזונטע הענט א שטיק צוקער אונ לייגנ עס אַליינ אינ גלאָז. אדעראבע, גיט אימ א לעפּעלע, זאָל מענ זענ, צי ער קאָנ אַליינ מיט דעמ מאכנ זיכ א זיסע גלאָז טיי. אָט פּרוּווט אומישנע שטעלנ צומ טיש א פרישנ לעבל ברויט מיט א שטיקל פּוטער, צי וועט ער, שמערל, סייכל האָבנ אָנשמירנ ברויט אונ עסנ ווי א מענטש מיט א זיסער גלאָז טיי. איר קאַלעטשעט זיי דאָכ, די פּויאַלים, צוגעווינט זיי אפ אַלעמ פאַרטיקנ. אָנגעשניטענע ברויט, אָנגעברעקלטע פּענעצלעכ צוקער, קיינ פּוטער, קיינ לעפּעלע דערלאנגט מענ ניט. א גרינגער לעבנ פאַר זיי.

— פכע, פכע,—האָט עס דעמלט אַרויסגעפּלאַצט פון צען מײַלער און פון צען נעזער און פון שמערלס נאָז האָט עס נאָך דערלאַנגט מיט אַ קוויטש. אלע האָבן זיך פאַרכלינעט פון אַ שטיקעדיקן געלעכטער און שמערל האָט אַ גוואַלדיקן הירזשע געטאָן פאַר אַלע יאָרן—האָ, האָ, האָ, אָט לאָז מען נאָר דערלאַנגען פּרישינקן ברויט מיט פּוטער, וואָלט איך שוין דייקע גוט אָנגעשמירט און זיסינקן טיי קאָן איך אויך טרינקען האָ, האָ, האָ.

— רויטער מאַמזער,—האָט מאַדאַם דווירעלע געזאָגט. אָבער רעב מוישע ליבסקע האָט זיך שטאַרק געדערגעט—וואָס טוט מען, ער פּאַטערט דאָך אַוועק מײַנע מענטשן. און ראַפּטום שטעלט זיך אַוועק אָט דער שמערל אויסגעגלײַכט און מיט אַ האַנט זעצט ער אין טיש. מיט אַ קאָל ברומט ער—כאַווײרים! גענוג געבידעוועט אין מוישע ליבסקעס קאַזעמאַטל. מיר וואַרפן די אַרבעט, מיר שטרײַקן! און עפּשער האָט טאַקע שמערלס קאָל גיכער געטראָפן צו אַלעמענס אויערן, גיכער אפילע ווי דעם רויטן קיוועס קאָל, וואָרעם אַלע האָבן זיך אופגעהויבן ווי איין מענטש, און אין דעם לאַנגן קאָרידאָר, וווּ ווינטער איז קאַלט און זומער איז הייס, איז ליידיק געוואָרן פון מענטשן. ליגן קעלנער אָפּגעטיילט פון די לאַצן, ליגן אַרבל באַזונדערס פון די פּאַכוועס, ליגן ברעגן אײַנגעביסן אין די מאַשין־ציין, ווי דערוואָרגן שטייען מאַשינעס, שטייען פּרעסן טויט־קאַלטע. און ווי געכאַלעשטע ליגן פּרעסלקעס, פּאַרעקישעלעך, פּרעססיכער, פּאַרעטיכער אויסגעטריקנטע, ווי דאָס האַלדז באַ מוישע ליבסקען, וואָס איז פאַרוויקלט. טרעט ער אין די וואַרעמע שטעקשיך און פון ווענט און פון הענגערס קוקן אָפּ אים רעק און סמאָקינגס. מאַנטלען, וואָס וואַרטן אָפּ מעסטונגען, הויזן און וועסטן פּיקן אים אין קאָפּ, שרײַען מיט ליאַרעם—סעזאָן! כאַפּט ער זיך פאַרן קאָפּ, מוישע ליבסקע, ער וועט באַלד הייסן פּריסקען דערלאַנגען די אויסגעגלאַנצטע שיך, ער ווייס אַלע וועגן צום פּאָליצמייסטער, צום גובערנאַטער, אַז מע וועט דאַרפן איז אויך צום זשאַנדאַרמען־שעף. ער ווייס אַלע וועגן.

לויפט פּריסקע פונעם מולטער גרעט. די רויטע פיס טראָגן זי גיך, דער פאָנעם צעפּאַליעט, קוקט זי מאָדנע אַהין צום פּוסטן קאָרידאָר מיט אַ שמייכעלע אָפּ הינטן און זאָגט—באַלעבאָס, זיי זײַנען געקומען. באַלעבאָס, שמערקע און דער זיידע צאָדיק זײַנען געקומען, אָן וואַרטן זיי, אין קיך, באַלעבאָס.

— פּריסקע אויך אין דער מיט!—וויל ער שרײַען—פּריסקע ווייס שוין אויך, וואָס דאָ טוט זיך?—נאָר דווירעלע שטייט אַנטקעגן. שטייט הויך מיט אירע פיס אָפּ הויכע קנאַפּל, פאַרביסן אַ ליפּ און אַ פינגער צום מויל און מיט איר קלוגן קאָסלעכן אויג ווינקט זי צו אים—מוישעלע, זײַ אַ כאָכעם!

איז עס באַזונדערס שווער געווען הײַנט מוישע ליבסקען צו זײַן אַ כאָכעם. אין עסשטוב באַם טיש מיטן לײַנענעם טישטעך געדעקט, זיצט אַ גאַנצע דעלעגאַציע, זיי ווײַזן אויס מוישע ליבסקען זייער אַסאַך. אַ גאַנצע מאַכנע, דאַכט אים, איז זײַן שטוב באַפאַלן. אינדערעמעסן זײַנען זיי אַרײַנגעגאַנגען דרײַען—שמערל יוק און צאָדעק שאַפּירע, דער זיידע רופט מען אים, און דער דריטער איז גאָר אַ טאַנדעטניק און הייסט ניאָמע מענטשעלע. מוישע ליבסקען ווײַזט אויס, אַז זיי האָבן זיך דאָ צעזעצט ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן, עפּעס ווי די סודעבנע פּריסטאַוועס, וואָס

קלײַבנ זיכ אָפשרײַבנ זײַנ גאנצ ביסל גוטס. אָבער גאָר באזונדערס האָט אים, מוישע ליבסקענ, א ברי געטאָנ בא דעם סאמע הארצנ זייער אָנטאָנ. אז דער שמערל יוק האָט זיכ ניט געבאָדנ, ניט געגאָלט, קאָנ מענ זאָגנ, פונ פייסעכ צו פייסעכ, זיצט ער רײנ אָפגעגאָלט ווי א כאָסנ מיט אויסגעגלאנצטע שיכ אינ זײַנ גאנצנ יאָנטעוודיקנ אָנטאָנ. אונ אויכ צאָדעק אינ זײַנ שווארצנ ראָק מיט א ברייט צעקעמטער באָרד, אָט דעמ אלטנ צאָדעק, וואָס ער האָט נאָר געהאלטנ פאר זײַנ גיכקײַט אינ דער ארבעט. דארפ מענ מאכנ א פאָרמענע פאלטאָ אפ פוטער עקסטרא, גיט עס מוישע ליבסקע דעמ אלטנ צאָדעק דעמ זיידנ, זעט מענ ניט ווענ ער מאכט עס פארטיק. אָט מאכט ער דעמ ארבעל אונ אָט זיצט שוינ דער ארבל אינ פאכווע. אָבער די לעצטע צײַט האָט ער אָנגעהויבנ באלעמוטשענ, דאָס גייט ער צו א יאָרצײַט, דאָס הערנ א מאגיד, אונ טאקע אינ שענקל כאפנ א הייסנ בלינ מיט גריבנס. מוישע ליבסקע שיט אפ אימ דערפאר פעכ אונ שוועבל. איז ער איצט דער אלטער צאָדעק אויכ מיט דער כעווורע אונ מוישע ליבסקע וויל שרײַענ אפנ גאנצנ קאָל — פריסקע! רופ פאָליציי! אָדער טרײַב זיי ארומ אונ דערלאנג זיי מיט א וויליסניק איבער די קעפ, פריסקע!

אָבער דוויירעלע האלט אימ אינ איר קלוגנ קאָסלעכנ אויג אונ ווינקט אים — מוישעלע, זײַ א כאָכעמ, אונ ער באהערשט זיכ. אָבער ווענ ער דערזעט דעמ טאנדעטניקל מיט די צוויי גרויסע אויגנ פונ א בארדאעס אונ אז ער דערהערט זײַנ קעלעכל ווי בא א הענדל:

— פאָרשטייער פונ פאריינ אונ פונ שטרײַק־קאָמיטעט, — דאנ צעשרײַט ער זיכ, מוישע ליבסקע, — ווער האָט אײַכ גערופנ אהער, באָסיאקעס! ווי קומסטו, טאנדעטניק, צו מיר אינ שטוב?

פע, ניט אויסגעהאלטנ האָט ער דעמ עקזאמענ, מוישע ליבסקע. דוויירעלע האָט זיכ געמוזט ארײַנמישנ, נעמענ אימ ווי א יינגל פאר די הענט אונ פריסקע איז געווענ אנ איידעס ווי דער שמערל אונ דער זיידע צאָדעק האָבנ זיכ געהאלטנ פײַנ, גאָר אָנ א טראָפעלע היצ אונ דער טאנדעטניק ניאָמקע האָט גערעדט הארטלעכ מיט א באס:

— דאָס מאָל זײַנענ מיר געקומענ, מע האָט אונדז געשיקט. א צווייטנ מאָל, ווענ איר וועט דארפנ געבנ אנ ענטפער, וועט איר מויכל זײַנ אונדז רופנ. — אונ גערלאָזנ האָט ער אפנ טיש א לאנגנ צעטל פאָדערונגענ. מיט פריסקענ האָבנ זיי זיכ פרײַנטלעכ געזעגנט, מיט פריסקענ דער שיקסע, אָט דער סוינע אינ שטוב.

מוישע ליבסקע האָט געוואָלט קילנ זײַנ הארצ אונ צעפיצלענ דעמ פאפירל פאָדערונגענ, האָט עס דוויירעלע ניט געלאָזנ, זי האָט שווערלעכ געלייענט אונ דאָכ פארשטאנענ וואָס עס מיינט אונ מוישע ליבסקע האָט זיכ מיט בײדע הענט געהאלטנ פארנ קאָפ, זיכ פארטראכט אונ דערנאָכדעמ געפרעגט אפנ קאָל — פונוואנענ נעמט זיכ צו זיי אזויפיל האָזע אונ גוורע? ניט אנדערש טאקע, אז ס'איז עמעס, וואָס לאזארעוו האָט דערציילט — דאָס גאנצע לאנד איז ארומגעכאפט מיט שטרײַקנ. פעטערבורג בונטעוועט אונ דאָ, ווו מיר זיצנ, קאָנ אונדז אויכ א באָמבע אופרײַסנ אונטערנ נאָז.

# טויזנטיאָריקער יובילײ פונעם ארמענישן עפּאָס „דאוויד דער סאסונער"

# דאוויד דער סאסונער

די הערלעכע פּאָעמע וועגן דער העלדישקײַט, ליבע און טרײַהײַט דעם פאָלק איז געשאפן געוואָרן אין דער צײַט, ווען דאָס ארמענישע פאָלק האָט זיך געפּײַניקט אונטערן יאָך פון די אראבער. באזונדערע עפּיזאָדן פונעם העראָישן קאמף קעגן אָט די פרעמדלענדישע פארכאפער זײַנען געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דעם דאָזיקן ארמענישן עפּאָס.

דאוויד דער סאסונער באשטייט פון פיר טיילן, וועלכע דערציילן וועגן דעם לעבן און קאמף פון פיר דורות לעגענדארע פאָלקס-העלדן.

## סאנאסאר און באגדאסאר

און דאָס איז דער אָנהויב: געווען א קאליפ
א פײַנט פון דעם קרייץ דער קאליפ געווען
אן ארמענישער מײלעך האָט דאן געלעבט,
דער ארמענישער מײלעך האגיק.
דער ניט זעליקער קאליף—אין באגדאד האָט געהערשט,
איבער בערג-קאפּאטינ—האָט געוועלטיקט האגיק.

דער מײלעך האגיק—אלט און ווײַס, ווי א טויב —
האָט אויצרעס גוטס פארמאָגט,
קײנ יורעש נאָר ניט געהאט.

און די טאָכטער דעם מײלעכס—א שיינהײַט געווען
און געווען איז איר נאָמען צאווינאר-כאנום.
און צווישן מעלאָכים געפירט האָט זיך דאן:
דער שטארקסטער בא אלע געפּאָדערט צינש.
דער באגדאדער קאליף—שטארק און מעכטיק געווען
אין געגנט צו אונדז מיט זײַן כאיל ארײַן,
און רויב אסאך פארכאפּט,
ארמענער מענער צעשאָכטן אסאך,
געפאנגענע אסאך אוועקגעפירט.
און ס'האט דער ארמענישער מײלעך האגיק
דאָן געבנזט צינש אין באגדאד.

אין איינעם א טאָג כאַפּט זיך אוף דער קאַליף
נאָך צינש שעלוכים צעשיקט:
צינש קלײַבט מיר צונויף! ברענגט אַרײַן מיר אין הויף!
און געקומען זיי זײַנען צו אונדז.
די הויף-פּאַלאַצן פאַרבײַ,
דערזעען זיי אומגעריכט
א ווונדערלעכע שײַן.
זיי טוען א קוק אַרוף:
א מיידל א שיינהײַט זיצט,
ווי זי וואָלט געראַדס צו דער זון:
„וואָס דאַרפסטו אַרויס—אַרויס ווערט כאַנום!“

א שיינהײַט אזא—דעם צוויי־וואָכיקן מוילעד א פּאָר,
וואָס אופגיין גייט אוף, הינטער זיבן בערג...
און ווי די צינש־מאָנער האָבן זי נאָר דערזען —
איז זיי אַנטרונען דער פאַרשטאַנד,
האָט די קראַפּט פון זיי—זיך אָפּגעטאָן
מיטן פּאָנעם געפאַלן צו דער ערד
און ליגן געבליבן אָן מאַכט...

ווען די שאָ איז אַדורך—זיי גייען מיט פּורכט,
מע פירט זיי צום מײַלעך—דער מײַלעך רופט.
ווו רייד—ניט קיין וואָרט!
שטיל הויבן אוף זיך פון אָרט.
און שטיל זיי לאָזן צוריק זיך אין וועג.
צום קאַליף אין באַגדאַד געקומען צוגיין.
רופט זיך אָפּ דער קאַליף—געבראַכט, צי ניין?
שרײַען זיי אויס:
„פון אייביק ביז אייביק, זאָל לעבן אונדזער קאַליף!
וואָס צינש—ווער צינש
מיר האָבן געזען דאָרט אזוינס—
מיטן לעבן זיך שיר ניט געשיידט.
אָט נא דיר אונדזער האַנט,
ווען דו ביסט דאָרט,
דרײַ כאַדאָשים נאָכאַנאַנד
וואָלסטו ניט אופשטיין פונעם אָרט!“

רופט זיך אָפּ דער קאַליף:
וואָס זשע האָט איר אַזעלכעס דערזען?
ענטפערן זיי: „שטויסט זיך אַלץ נאָך ניט אָן!
וואָס טויג דיר דײַן רײַכקײַט, דײַן גאָלד, דײַן לאַנד

אז גוטס אָן א צאָל, זילבער און גאָלד,
טײַערע שטיינער א שלאָל
סכוירעס און ערד—אלץ דיר געהערט
אלץ ליגט נאָר אין דײַן האנט:
דער ארמענישער הערשער, וואָס בוקט זיך צום קרייץ
א טאָכטער פארמאָגט אזא,
פאר איר אָפּגעבן וועסטו דײַן גאנצ פארמעג, —
כאָטש שלאָפן פארגעס, ניט טרינק, ניט עס,
נאָר האלט אין איין קוקן א גאנצן מעסלעס!"
באַם קאליפ האָט דער קאָפּ זיך פארדרייט פון די רייד,
צום מיילעך אייסמאנער שלוכים געשיקט,
אזוי צו זאָגן: „דײַן טאָכטער גיב מיר פאר א ווײַב!"
האָט דער מיילעך געענטפערט:
„אַן ארמענער בין איך, אַן אראבער—דו
איך ליב דעם קרייץ, און דו—דײַן געצ
פארוואָס זאָל איך געבן מײַן טאָכטער דיר?
וועל איך טאקע ניט געבן מײַן טאָכטער דיר!"
האָט געזאָגט דער קאליפ: „הערשער האגיק!
אויב מיט פרידן גיסטו מיר ניט,
אָפּגעבן וועסטו מיט קריג,
אויב דײַן טאָכטער גיסטו מיר ניט
דײַן לאנד וועל איך צונעמען זיך.
דײַן פאָלק וועט פארניכטן מײַן שווערד,
פארמעקן דײַן שטאם פון דער ערד,
דײַן שטאָט וועל איך לאָזן פארוויסט
דײַן קרוינשטול פארווארפן אין מיסט!"

זאָגט האגיק: „א קריג—איז א קריג,
נאָר געבן וועל איך זי דיר ניט!"

---

די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. קעדיי אָפּצושטעלן די בלוט־פארגיסונג, האָט צאַוויַנאַר־כאַנום באשלאָסן כאסענע האָבן מיטן קאליפ.

האָט דער קאליפ א באפעל אין די מאכנעס צעשיקט,
און געקומען אליין מיט די נאָענטסטע לײַט.
האָט זיך כאנום צום פאָטער געווענדט,
פאָטער, גיי, דעם קאליפ זאָג אזוי:
א באזונדער פאלאץ זאָל גרייט פאר מיר שטיין,

ווען איך וועל מיט אים צו דער כופע גיין,
און זאָל ער א קײַלעכדיק יאָר צו מיר ניט ארײַנ
אהינטער כופע-פאָרהאנג ניט ארײַנ.
פאָטער. א גײַסטלעכנ, שיק מיר אהינ
אפ צו דינענ גאָט—פרי און אפדערנאכט,
טפילעס אָפריכטנ זאָל איך קאָנענ דאָרט.
קײנ אמ און די כאווערטעס שיק—וועל איך גײנ
נאָר זאָג דעמ קאליפ,
אז אלצ, וואָס איך נעמ בא אים איצטער אויס
זאָל בא אים גיכ פונ זינענ ניט ארויס!"

די רײד פונ זײַנ טאָכטער—וואָרט אינ וואָרט,
איבערגעגעבנ האָט ער דעמ קאליפ.
„אָט וואָס, קאליפ, זאָגט צו אים האגיק,
דער ארמענישער הערשער האגיק,
פירנ מילכאָמעס איך וועל ניט מיט דיר,
א בונד פארשנײַדנ וועל איך מיט דיר,
און אויב מײַנ טאָכטער גיב איך אָפ דיר,
א גײַסטלעכנ מײַנעמ שיק איך מיט איר,
ווײַל זי—וועט אויך דאָרט זיך בוקנ איר קרײצ,
און דו—וועסט דינענ דײַנ געצ.
און ווידער: באזונדער א פאלאצ פאר איר זאָל זײַנ גרײט
און א קײַלעכיק יאָר זאָלסט צו איר ניט ארײַנ,
אהינטער כופע-פאָרהאנג ניט ארײַנ".

שרײַט אויס מיט פרײד דער קאליפ:
נעשאָמע מײַנע! כ'מאכ שאָלעמ מיט דיר,
שליסנ א בונד וועל איך מיט דיר,
דײַנ טאָכטער גיב מיר נאָר אָפ.
וועסט פרײַ־זײַנ פונ צאָלנ מיר צינש.
זאָל נאָר דײַנ טאָכטער טראָגנ מײַנ נאָמענ, אָ דושאנ!
אז אלע אפ מיר זאָלנ זאָגנ,
אנ אײדעמ איז ער באמ ארמענישנ הערשער האגיק.
דערצו גיב איך א נײדער: ניט נאָר א יאָר
נאָר גאנצע זיבנ צו איר ניט ארײַנ,
אהינטערנ פאָרהאנג צו איר ניט ארײַנ.
און כאווערטעס ווילט זיך איר—שיק,
א גײַסטלעכנ ווילט זיך איר—שיק.
דו גיב מיר דײַנ טאָכטער—איך נעמ זי צו זיך.
ניט ווײַט פונ מײַנ פאלאצ—א פאלאצ פאר איר,

א קלײנינקן קלױסטער כ'װעל אױסבױען איר, —
זאָל זי גלױבן אין װעמען זי װיל,
און איך װעל גלױבן אין װעמען איך װיל.
ארמענער זײַט איר, אראבער—מיר.

* * *

צאװינאר כאנום—פון זינט די מוטער האָט זי אפ דער װעלט געבראכט
איז פונעם פאלעץ ניט ארױס,
פאר איר—די זון, װי זי װאָלט קײנמאָל ניט געהעלט
דער פאָטער האָט דערצױגן זי—זײַן האנט האָט זי אין שטײַג פארמאכט
און ס'האָט דאָס מײדל ניט געװוּסט, ניט געטראכט
װאָס טוט זיך ארום איר,
װאָס ארום איז פאר א װעלט.
און דאָס מײדל בא איר פאָטער בעט,
אזױ צו זאָגן: פאָטער מײַנער און מײַן האר!
אונדזער געגנט איז מיר ניט באקאנט,
אומבאקאנט די װײַטע װעלט.
דער טאָג פון קריסטוס אופגאנג מאָרגן איז, דערלױב
איך װעל שפאצירן גײן צום קװאל אין גילי
מיט מיר צען כאװערטעס—זײ זאָלן פירן מיך
א טאָג א גאנצן זיך פארװײַלן דאָרט
צו אָװנט כ'װעל מיר צוריק זײַן אפ מײַן אָרט.
זאָגט דער מײלעך האגיק „איך דערלױב.
גײ זיך דורך, שפאציר זיך דורך, קער זיך אום"
מיט אירע כאװערטעס צאװינאר־כאנום
איז שפאצירן אװעק, צו דעם מילכ־קװאל אװעק
און זיך דאָרט פארװײַלט ביז זון־פארגאנג.

זעט דאָס מײדל די ליכטיקע װעלט, זעט די זון,
און אז יעדער אײנער זײַן ארבעט טוט טאָג
דער אקערט מיט פרײד, דער זינגענדיק זײט
און דער מיט זײַן טשערעדע צום װאסער גײט
דערשטױנט איז דאָס מײדל, און רופט אױס: עי, מאכ!
אפילע אין כאָלעם ניט געזען אזא זאכ!..

אין טעמפּל גילי א טפּילע אָפּגעריכט,
פון טעמפּל ארויס און געגרייכט דעם בארג
אפן גראָז זיך געזעצט, אונטערגעלענט דאָס הארצ.
עטוואָס העכער ארופ און דערזען דעם יאַם.
פארנאכט, איידער קערן צוריק אהיים,
צו די כאָווערטעס אירע רופט זיך אָפּ צאווינאר:
איר, כאָווערטעס, גייט, הויבט זיך העכער אופ
פארווײַלט זיך דאָרט, מאכט זיך לוסטיק, און איך
א הויפן וואסער כ'וועל אויסטרינקען גיין!"
און אוועק איז כאַנום צום אָפּגרונט פון יאַם
און קוים פארהאלטן איר שפּאַן אפן פעלז.
שטייט זי און קוקט: ס'האָט קיין סאָף דער יאַם:
האָט זי זיך געזעצט נעבן איר אם.
צעווײנט זיך: די פיס טוען וויי,
שטארק מיד פון וועג
וויל אָבער טרינקען די זויג-מוטער אויך.
דער דאָרשט ער פּײַניקט אויך זי. רופט זי זיך אָפּ:
„ניט קיין וואסער אין יאַם, נאָר זאלצ!
וואסער א טראָפּן ווען כ'האָב!
מיט וואסער כ'וואָלט לעשן דעם פלאַם אין מויל,
די זויג-מוטער זוכט—ניטאָ! קיין וואסער ניטאָ!
דאן הויבט אָן צאווינאר:
„מײַן גאָט, א קוואל עפן אופ,
דעם ריכטיקן וועג צו מײַן רעטונג ווײַז אָן!"
און גאָט האָט באפוילן—האָט זיך ס'וואסער צעטיילט.
און ס'האָט זיך באוויזן א זיסער קוואל.
זי זעט אפן ברעג ליגט א קיזלשטיין,
א ברויזיקער קוואל שלאָגט פון אונטערן שטיין
רונד—ארום דעם שטיין שאפט דאָס וואסער א קרײַז.
און קיינער אין אָנטאָן וואָלט ניט געקענט
אריבער דעם וואסער, דערגרייכן דעם קוואל.
האָט זי פונעם אָנטאָן באפרײַט דאָס לײַב
זיך דערנעענט צום קוואל,
און אין דעם קוואל פון אומשטערבלעכער קראפט
אראָפּגעלאָזט די האנט,
איין הויפן וואסער אויסגעזופּט,
פון צווייטן—נאָר א העלפט —
אנטרונען איז דער קוואל.
און פון אָט די הויפן וואסער צוויי
אין טראָגן פארגאנגען איז זי.

די סאָכטער דעמ מײלעכס די כאוועדטעס רופט
אינ וועג צוריק, אונ געגאנגענ זײ זײַנענ אהײמ,
געקומענ צומ מײלעכ האגיק.

* * *

אונ צאווינאר האָט געבאָרנ צווײ זינ — סאנאסאר אונ באגדאסאר, דער קאליפ האָט באפוילנ קעפנ צאווינאר אונ אירע בײדע זינ. צאווינאר האָט מיט פארשײדענע כאָכמעס אָפּגעצויגנ דעמ טאָג פונ דער קעפונג.

יידיש — ש. האלקינ.

## דאוויד — א פאסטעכ

דער גרונט־קאפיטל פונעמ עפּאָס איז געווידמעט מגערס זונ — דאווידנ פונ סאסונ. דאוויד האָט פארבראכט זײַנ קינדהײַט אינעמ הויפ פונ אראבישנ קאליפ מעליק, וואָס האָט נאָכ מגערס טויט ווידער באהערשט ארמעניע.

דאוויד איז אנטלאָפנ פונעמ קאליפ. די פירשטנ — דאווידס קרויווימ — האָבנ אימ באשטעלט פאר א פאסטעכ. אָגאנ — דער שרײַער־מאנ האָט באפוילנ מע זאָל צונויפקלאפנ פאר דאווידנ שטאָלענע שיכ אונ אויסשמידנ פונ זײַנטוועגנ א שטאָלענעמ שטאָק.

האָט אָנגעטאָנ דאוויד די שטאָלענע שיכ,
דעמ שטאָלענעמ שטעקנ גענומענ אינ האנט,
איז ארויס, זיכ צעשריִענ אינמיטנ סאסונ:
„הײ, באלעבאטימ, פירט ארויס קאָרשט די פיכ,
די פיכ אונ די רינדער מיר ברענגט אפ דער גיכ,
כ׳וועל פאשענ זײ פירנ אפ די בערג פונ סאסונ.
האָבנ שטאָט־לײַט דערוואכט אונ די רינדער געבראכט,
די ציגנ, די רינדער צומ טויער געבראכט.

אונ דאוויד האָט די סטאדע געטריבנ צומ בארג,
באגלײט האָבנ שטאָט־לײַט דאווידנ מיט שרעק:
„גאָט איז אנ אײדעס, אָגאנ, ער וועט אונדז די סטאדע
פארניכטנ אינ וועג!
האָט אָגאנ אימ געזאָגט: „דאוויד,
ניט דערצאָרנ די שטאָטלײַט, די רינדער פארהיט,
האָסט זײ גאנצע גענומענ, ברענג גאנצ זײ צוריק!“
„אכ, פעטערל, זאָגט אימ דאוויד, דו מײנסט איכ בינ עפּעס
א נאר?
כ׳וועל פארהיטנ די רינדער, דו האָב ניט קײנ צאר!“
פארטומענ דאוויד האָט די רינדער אונ שאָפ

ער האָט זיי פאַרטריבן הויך אפן בארג
און האָט זיי דאָרט פאשען געלאָזט.
אָנגעגעסן האָט זיך די סטאדע צו זאט.
דאוויד האָט פארטריבן די סטאדע אין צאם
דאוויד האָט די רינדער פארלאָזן אליין,
דאוויד ציט זיך אויס אפ דער ערד און שלאָפט איַין
דאוויד האָט אינגאנצן פארגעסן אָן זיי.
אופגעכאפט האָט זיך די סטאדע, דעם צאם פארלאָזט
בלאָנקען זיי אפ גאָטס באראָט.
דאוויד האָט אינגאנצן פארגעסן אָן זיי.
ער כאפט זיך אוף, פון שטארקן שלאָף:
ניטאָ קיין סימען פון קיין שאָף.

דאוויד הויבט זיך אוף. לאָזט זיך לויפן צום צאם
ס'איז קיין שפור פון קיין שאָף, פון קיין רינדער פאראן.
קוקט ער אפ רעכטס און קוקט ער אפ לינקס
און ערגעץ קיין סימען פון זיי ניט געפינט.
שטייט ער א ווײַלע און זוכן זיך לאָזט,
איבער די בערג זיך טרעטן געלאָזט.
האָט אין די בערג באלד צעהילכט זיך זײַן טראָט
און פוקסן און האָזן טשאטעסוויײַז
הויבן זיך אוף פון דעם שטיינערנעם פעלדז,
ארויס פון די לעכער, מע טראָגט זיך, מע לויפט.
פלוצלינג פון אונטער די פיס—גיט זיך א לעמל א ריס
בלײַבט פארוווּנדערט דאוויד: „א פלינקײַט אזא פון א לאמ!"
זיך לויפן געלאָזט נאָכן האָז: א לעמל א בונטער אזא!
טראָגט זיך דער לעמפערט אין לופט, עס שווינדלט דער
פוקס מיטן עק
„האָ־האָ!—זיך וווּנדערט דאוויד—א פלינקײַט אזא פון א ציג!"
און אליין נאָך דער כײַע לויפן ער נעמט
ביז וואנען זי שטעלט אויס דעם צונג, און גיט זיך אליין
אין די הענט.
אזוי האָט דאוויד אלע האָזן און פוקסן פארכאפט,
פארכאפט און געבראכט, מיט די רינדער צוזאמען פארמישט,
אלע לעמפערסן, פוקסן און העזלעך פון זיבן בערג
דאוויד האָט געבראכט אהער.
מיט די רינדער זיי אלע פארמישט און האָט זיך פארמאטערט
שווער.
די ציגן געבראכט האָט ער אויך, ער אליין מיטן שטעקן—פאָרויס.
נאָר זע: די שטאָלענע שיך—ווײַנען אויס!

פארזאמלט עס האָט זיכ דאָס פאָלק, וואָס טוט מענ אצינדער מיט אימ?
לאָמיר אימ געבנ פאשענ די פי".
האָט דאוויד זיי געזאָגט: „פאשענ די ציגנ איר האָט מיר פארטרויט,
אצינד גיט איר פאשענ די בעהיימעס מיר?"
אָגאנ שרײַערמאנ האָט געזאָגט: „דאוויד, מײַנ ציר,
עס האָבנ די ציגנ פארמאטערט דיכ,
לאָז צו רו די ציגנ איצט.
נעמ בעסער פאשענ אצינדער די פי,
פירסט די סטאדע אוועק אינ די בערג
אונ שלאָפנ לייגסטו זיכ אפ דער ערד,
באטאָג וועל איכ ברענגענ דיר עסנ אהינ".
אָגאנ איז אוועק אונ ווידער באשטעלט אימ שטאָלענע שיכ,
א שטאָלענעמ שטעקנ אימ אויסגעריכט,
פארטיק געמאכט אונ דאווידנ געבראכט,
אונ האָט זיכ געפעדערט פרי אונ צעשריִענ זיכ:
האָ, האָ, האָ, באלעבאטימ, טרײַבט ארויס די פי,
ניט ציגנ הײַנט פיטערט דאוויד
הײַנט טרײַבט ער אפ פאשע די פי".
האָבנ די שטאָט-לײַט דערוואכט, פארטריבנ אינ סטאדע די פי.
האָט פארנומענ די סטאדע דאוויד,
פארטריבנ אינ די סאסונער בערג,
זיכ אויסגעצויגנ ער האָט אפ דער ערד
אנשלאָפנ געוואָרנ. ער כאפט זיכ אופ:
עס האָט זיכ די סטאדע צעשאָטנ, פארקראָכנ צומ שפיצ פונעמ בארג.
האָט ער נאָכ די בעהיימעס זיכ לויפנ געלאָזט,
פלוצלינג — עס האָבנ פונ הוילנ א שאָט זיכ געטאָנ
טשאטעסוויַז בערנ אונ וועלפ.
איז דאוויד אינ צאָרנ ארײַנ.
אנ אומגליק אפ אײַכ, ווידער אנטלאָפנ, אנטלאָפנ וווהינ.
זיכ יאָגנ גענומענ נאָכ זיי אונ יענע — פונ אימ,
יאָגט ער זיכ, טראָגט, פארמאטערט די כײַעס פאריאָגט,
נעמט ער זיי דאנ אפ די הענט אונ מישט מיט דער סטאדע זיי אויס,
אונ ווידער זיכ יאָגנ געלאָזט איבער היילנ אונ בערג.
אלע כײַעס, וואָס זײַנענ געווענ אינ די בערג
געפאנגענ ער האָט אונ געבראכט אהער,
א לייבנטע פונ דאנענ געבראכט,
פונ דאָרטנ א טיגער געבראכט,
פונ אונטנ א לייב געבראכט,
א לעמפערט געבראכט פונ די בערג,
געבראכט האָט פונ לינקס א שאקאל

פונ רעכטס ברענגט צופירנ א בער.
אלע וועלפ האָט דאוויד געבראכט אהער,
אלע כײַע־ראָעס צונויפגעיאָגט
אונ גאָר דאָס פאשע־פעלד פארשאָטנ מיט זיי.
פונ שרעק פאר דאווידנ אלע—שא, שטיל,
גיט עפעס א כײַע וועמענ א ביס
גיט דאוויד זי א ריס, אָנ דער ערד זי א שמיס
אזש אײַנגעזונקענ זי ווערט.
אינ שרעק פאר דאווידנ זײַנענ די כײַעס פארגליווערט,
אינ שרעק פאר די כײַעם ציטערנ די פי,
אונ פאָרויס איז געשטאנענ דאוויד.

פארנאכט האָט דאוויד זײַנ סטאדע געבראכט,
אינ סאסונ זי געבראכט אונ פארפלייצט גאָר די שטאָט.
איז קיינער פונ הויז ניט ארויס,
געציטערט פאר שרעק—האָט מענ פענצטער אונ טירנ פארמאכט.
איז דאוויד אוועק אפ סאסונער פלאצ,
האָט שרײַענ גענומענ, גערופנ לאנג:
„האָ, האָ, גוטע לײַט, פונ די פי מיכ באפרײַט,
גייט ארויס פונעמ הויז, די פי אינ די שטאלנ פארטרײַבט,
ווער ס'האָט קיינ אָקס ניט פארמאָגט, באקומט ער אימ גלײַכ,
קיינ קאלב ניט פארמאָגט, מיט א קאלב ווערט ער רײַכ!
עפנט טויערנ אופ, שטעלט אויס זיכ אינ ריי.
ווער האָט איינס נאָר געהאט, באקומענ וועט צוויי,
ווער האָט צענ פארמאָגט—צוואנציק באקומ!
ווער האָט צוואנציק פארמאָגט—פערציק באקומ!
ווער האָט פופציק פארמאָגט—הונדערט באקומ!
אָט ווי עס האָט זיכ מײַנ סטאדע פארמערט!
וואָס־זשע קומט גאָר ניט קיינער,—נעמענ זײַנ אָקס אונ זײַנ קאלב?"
נאָר ס'קומט קיינער ניט נעמענ זײַנ אָקס אונ זײַנ קאלב,
אינ שטוב זיכ באהאלט, פירט די פי ניט אינ שטאל.
דאוויד האָט געשריִענ, געברויזט—ס'גייט קיינער פונ שטוב ניט ארויס,

קיינער וואגט ניט ארויס פונ זײַנ הויז.
האָט דאוויד דאנ געזאָגט:
„קיינער גייט ניט ארויס—מאכט ניט אויס,
כאפט אײַכ דער רועכ!
כ'האָב איבער טאָלנ אונ בערג זיכ געקרויזט,
די סטאדע פארזאמלט, געבראכט זי אהער.
דארפט איר זיי ניט—איז זאָלנ זיי גײנ אפ דער פרײַ..

פײַנע מענטשן אצינד אפ דער וועלט, טו זיי גוטס:
כ'האָב א גאנצענעם טאָג זיך באגאָסן מיט בלוט צוליב אײַך,
אײַער פּי פארהיט—באצאָלט איר אצינד מיר אזוי?
זאָל זיך נעמען זײַן גוטס ווער עס וויל,
און באָטס גוטס—זאָל זיך קערן צוריק אין די בערג,
כ'האָב זיך פארמאטערט ביז גאָר!
און דאוויד האָט פארדעקט זיך דעם קאָפּ,
זיך אויסגעצויגן און איז אָפּגעשלאָפן ביז אינדערפרי.

יִדיש—ש. ראָסינ.

---

## הונדערטיאָריקער געבורטס־טאָג
## פון ייִצכאָק יויעל לינעצקי



א. וואָראָבײטשיק

# צושטײַער צו י.צחאָק-יויעל לינעצקיס ביאָגראַפיע

דעמ 7 סענטיאבער 1939 יאָר איז געוואָרנ 100 יאָר זינט י. י. לינעצקי איז געבאָרנ געוואָרנ; ס'איז דורכ 75 יאָר זינט ער האָט אָנגעהויבנ שרײַבנ. מיט העכער 70 יאָר צוריק האָט זיכ אָנגעהויבנ דרוקנ זײַנ בארימט ווערק „דאָס פוילישע ייִנגל", און מיר האָבנ נאָכ אדהאיאָמ ניט קײנ ערנסטע אָפּהאנדלונג וועגנ זײַנ ליטעראַרישער טעטיקײט, מיר ווײסנ נאָכ זײער ווינציק פראָטימ וועגנ זײַנ אומרויִק, שטורמיש נאַווענאַד לעבנ.

די פײַנשמעקערישע ייִדישיסטישע קריטיק האָט שוינ לאנג אָפּגעגעבנ לינעצקינ אינ ארכיוו. פאר איר איז צו האמעטנע, צו גראָב געוועגנ דער סארקאסטיש-קעמפערישער סטיל פונ דעמ קלײנבירגערלעכנ דעמאָקראטישנ מאסקיל פונ די 60־70־ער יאָרנ. די סאָוועטישע וויסנשאפט הויבט ערשט איצט אָנ שענקענ איר אופמערקזאמקײט דעמ דאָזיקנ טעמפעראמענטפולנ טאלאנטירטנ שרײַבער-סאטיריקער—דעמ פאָרשטײער פונ די ייִדישע האָרעפאשנע מאסנ פונ מיטנ פאָריקנ יאָרהונדערט.

מאטעריאלנ פאר לינעצקיס ביאָגראפיע פארמאָגנ מיר זײער ווינציק, און די, וואָס מיר האָבנ, זײַנענ בא אונדז נאָכ אויכ ניט באארבעט און ניט פובליקירט געוואָרנ. „איכ צווײפל, צי וואָלט מענ הײַנט צו טאָג געקענט אופזאמלענ אויסשעפנדיקע יעדיִעס וועגנ דעמ לעבנ און שאפנ פונ לינעצקינ",—האָט געשריבנ מיט עטלעכע יאָר צוריק לינעצקיס טאָכטער. דאָס איז טײלווײַז ריכטיק. אינ דער פרעסע האָט לינעצקיס לעבנ זיכ גאנצ ווינציק אָפּגעשפיגלט, זײַנע בריוו האָט קײנער ניט געזאמלט (אפילע פונ די פאָר צענדליק בריוו צו זײַנ פאמיליע, וואָס האָבנ זיכ נאָכ ניט לאנג געפונענ בא זײַנ זונ, האָבנ זיכ צו הײַנטיקנ טאָג אײַנגעהיט נאָר 6), קײנ זיכרוינעס וועגנ אימ האָט מענ ניט געשריבנ און דאָס ביסעלע, וואָס מיר פארמאָגנ, איז אויכ ווינציק אויסגעפאָרשט. אינ מענדעלע־מוזיי אינ אָדעס געפינענ זיכ רעשטלעכ פונ לינעצקיס ארכיוו. דאָרט זײַנענ פאראנ בא א פאָר הונדערט בריוו צו אימ,—זײ באלײַכטנ אײניקע עפּיזאָדנ פונ זײַנ לעבנ. דאָרט איז פאראנ זײַנע אנ אווטאָביאָגראפיע און א היפשע צאָל ניט פובליקירטע מאנוסקריפטנ. דאָס אלצ איז נאָכ קימאט ווי ניט באשריבנ געוואָרנ און ניט באלויכטנ געוואָרנ אינ דער פרעסע. מע וואָלט עפשער אויכ געקענט אופמונטערנ אײניקע עלטערע מענטשנ,

וואָס זײַנען אמאָל געקומען אין א פּערזענלעכער באַרירונג מיט לינעצקין, זיי זאָלן אָנשרײַבן זייערע מעמואַרן. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אז בא עמעצן איז נאָך פאַרהיט לינעצקיס בריוו, וואָלט מען זיי געדאַרפט אױפזאַמלען, פּובליקירן און די אָריגינאַלן קאָנצענטרירן אין מענדעלע־מוזיי.

אלס ערשטן צושטײַער אפ אָט דער נײַער מאַטעריאַלן־זאַמלונג פאַר לינעצקיס וויסנשאַפטלעכע ביִאָגראַפיע פּרוּוון מיר זיך דאָ באַשרײַבן א פּאָר עפּיזאָדן פון זײַן לעבן לויט די מאַטעריאַלן פונעם לינעצקי־אַרכיוו און פון די פּאָר בריוו צו זײַנע קינדער, וואָס לינעצקיס טאָכטער—מ. לינעצקי־גריידענבערג—האָט ליבנסווירדיק איבערגעגעבן אין אונדזער רעשוס.

אין 1862 יאָר אַנטלויפט לינעצקי פונעם פאָטערס הויז און רײַסט איבער אַלע באַציִונגען מיטן פאָטער דעם ראָוו און פאַנאַטישן כאָסיד. ביז די 70־ער יאָרן בלײַבן פאָטער און זון אינגאַנצן פאַרפרעמדט. י. י. לינעצקי פירט זיך זײַן פאַרביטערטן קאַמף קעגן די כסידים און טראַכט גאָר, אפּאָנעם, ניט וועגן איבערבעטן זיך מיטן פאָטער, ער וואַנדערט אַרום פון אָרט צו אָרט, ווערט אויסגעריסן און וואָרפט, אפּאָנעם, אפילע ניט אַרײַן קיין בריוועלע דער מישפּאָכע זײַנער. אין האַרבסט 1869 שטאַרבט דעם שרײַבערס מוטער, וואָס איז פריִער א גאַנץ יאָר קראַנק געווען. די פאַמיליע האָט ניט ייִצכאָק־יויעלס אַדרעס און קען אים ניט מודיִע זײַן, אז ער דאַרף זאָגן קאַדעש. א גאַנצע טראַגעדיע פאַרן פאָטער און ברידער זײַנע. דער אַלטער ראָוו הייסט זײַנע אַנדערע זין דערפרעגן זיך וועגן דעם אַדרעס פונעם „פאַרפירטן, פאַרשטויסענעם זון“, זייער מי איז אָבער אומזיסט. אין א צײַט אַרום הויבן אָן דערגיין צום אַלטן לינעצקין „גוטע גערוסן“ וועגן ייִצכאָק־יויעלן, און ער שטרעקט דער ערשטער אויס דעם פאַרשײַטן אוצאָר פונעם „פּוילישן ייִנגל“ א האַנט אפ שאָלעם. וואָס דאָס האָט געקאָסט דעם אַלטן פאַנאַטיקער, דעם פײַערדיקן כאָסיד, קענען מיר זיך פאָרשטעלן. אין לינעצקי־אַרכיוו האָט זיך פאַרהיט איינער פון די ערשטע בריוו, וואָס דער אַלטער האָט געשריבן י. י. לינעצקין—דער דאָקומענט איז אַזוי אינטערעסאַנט, אז מיר ברענגען דאָ פון אים א פּאָר אויסצוגן אין אונדזער פרײַער איבערזעצונג (דער בריוו איז געשריבן אפ א ראַבאָנישן העברייִש).

„... לעסאָף האָב איך זיך דערוווּסט דײַן אַדרעס: מיין ניט, מײַן זון, אז איך האָב זיך פון דיר אינגאַנצן אָפּגעזאָגט, אויסגעריסן דיך פון מײַן האַרצן און אויסגעמעקט פונעם צעטל פון מײַנע זין. דאָס ניט. נאָר איך וועל דיר זאָגן דעם עמעס, אז זינט דו ביסט אַראָפּ פונעם ריכטיקן וועג, האָסט זיך אָפּגעזאָגט פון מײַנע געזונונגען, האָסט פאַרלאָזן מיך, דעם, וואָס האָט דיך אַרויסגעבראַכט אפ דער ליכטיקער וועלט און האָט דיך געהאָדעוועט און דערצויגן, און ביסט אַוועק זוכן אין א פרעמד לאַנד דאָס זינדיקע גליק, האָט זיך מײַן האַרץ אָפּגעטאָן פון דיר, און איך האָב זיך ניט געקענט וועגדן צו דיר מיט פריידלעכע, פרײַנטלעכע רייד, נאָר איך האָב געמוזט קעמפן קעגן דיר און שטראָפן דיך... דעם 27 עלול תר״כט (1869) איז דײַן מוטערס נעשאָמע צוריק אַרופ אפן הימל. איך האָב געוואָלט דיר צו וויסן געבן וועגן דעם, האָב איך ניט געהאַט קיין אַדרעס און האָב ניט געוווּסט,

ווּ דו וווינסט איצט. איך האָב אָנגעזאָגט דײַנע ברידער: „פרעגט זיך נאָך אָפּ דעם וווילבאַפינדן פון אײַער פאָרפירטן, פאַרשטויסענעם ברודער, עפּשער וועט אײַך באַוווּסט ווערן זײַן סטאַנציע". זייער נאָכפרעגן זיך איז אָבער געווען אומזיסט. פאָראַיאָרן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען צו מיר גוטע גערוסן וועגן דיר, אַז דו האָסט פאַרלאָזט דײַנע נאַרישע וועגן, האָב איך דאָך אוואדע געוואָלט אָנשרײַבן דיר אַ בריוול, נאָר איך האָב ניט געהאַט דײַן אַדרעס... פאָראַיאָרן זומער איז דאָ געווען אַ. מאַרגאָליס... האָט ער געגעבן דײַן אַדרעס אין בעריסלאַוו... איך האָב דיר געשיקט אַ בריוו אָפּ שאַריגאָראָדסקיס אַדרעס... און פון דיר איז קיין שום ענטפער ניטאָ... ער (זאַלמען ראָזענטאַל פון ניקאָפּאָל) האָט אונדז אויך אָפּגעגעבן אַ גוטן גרוס פון דיר, אַז דו האָסט פאַרלאָזן דײַנע פאַרדאָרבענע וועגן, האָסט זיך אײַנגעפונדעוועט צווישן סאָכרים און גאָט האָט דיך געבענטשט מיט פיל רײַכקײַט (ווערליק פאַר מענטשן פון אונדזער גראַד) און מיט ליבלעכע קינדער, האָב איך געגעבן אַ בריוו פאַר דיר, און קיין ענטפער האָב איך נאָך אַלץ ניט. איצט, מײַן טײַערער זון, אַז איך האָב שוין דײַן ריכטיקן אַדרעס, שרײַב איך דיר דעם בריוו. אויב איך וועל דערהאַלטן פון דיר אַן ענטפער, וועלן מיר זיך ווידער פרײַנטלעך דורכשמועסן"...

דער בריוו איז אָנגעשריבן, אַפּאַנעם, אין אָנהויב 1871 יאָר; אָדער 1872 יאָר. צי האָט לינעצקי דערהאַלטן די פריִערדיקע בריוו דעם פאָטערס, ווייסן מיר ניט. שפּעטער אַהינצו האָט ער זיך דורכגעשריבן אי מיטן פאָטער, אי מיט די ברידער.

די „גוטע גערוסן", וואָס דער אַלטער וויניצער ראָוו האָט באַקומען פון זײַן „פאַרבלאָנדזשעטן זון", זײַנען, אין טאָג גענומען, געווען גאָר ניט קיין באַפרידיקנדיקע פונעם שטאַנדפּונקט פון אַ פאַנאַטישן כאָסיד. לינעצקי האָט טאַקע געפּרווּוט ווערן אַ סויכער, האָט זיך געפּרווּוט אונטערהאַלטן, אָבער פון זײַן קאַמף קעגן כאַסידיזם און ביכלאַל קעגן דעם פאַרצויגענעם מיטלאַלטער אין דער ייִדישער סוויווע האָט ער גאָרניט געטראַכט אָפּצוזאָגן זיך. אַ. מאַרגאָליס—אַ קאָרעספּאָנדענט פון „המליץ"—האָט, מיסטאָמע, אויספירלעך אינפאָרמירט לינעצקיס פאַמיליע וועגן יִצחאָק יויעלס ליטעראַרישער טעטיקײַט. כוץ דעם, איז מען אין דעם אָרטאָדאָקסישן וועלטל אַזוי אויך באַקאַנט געווען מיט לינעצקיס שאַפן. מע האָט אים דאָרטן, פאַרשטייט זיך, שטאַרק ניט ליב געהאַט, נאָר זײַן פּאָפּולערקײַט איז שוין דאַן געווען אַזוי גרויס, אַז מע האָט געמוזט זיך רעכענען מיט אים. אין לינעצקי־אַרכיוו געפינט זיך אַן אָפיציעלער בריוו פון טוועריער (פּאַלעסטינע) ראַווינאַט (מיט אונטערשריפטן פונעם ראָוו און קאָהאָלס־לײַט און מיט אַ שטעמפּל) מיט אַ ביטע אויסצונוצן די צוגעשיקטע דורך זיי מאַטעריאַלן וועגן מיסברויכן באַם פאַרטיילן די צדאָקע־געלטער און וועגן די קרימינעלע פאַרברעכנס, וואָס די פּאַלעסטינער קלייקוידעש באַגייען דערבײַ, און אָנצושרײַבן וועגן דעם אַ „כיבער" און אָפּדרוקן עס אין דער פּרעסע. זיי בעטן אים דערבײַ, אַז „ער זאָל אַזוי פרײַנטלעך זײַן און ברייט באַאַרבעטן אין זײַן ווערק די „ראָשע־פּראָקים", וואָס זיי שיקן אים צו, אַז „מיט זײַנע ווערטער, וואָס שפּאַלטן אַ שטיין ווי מיט אַ האַמער, זאָל ער דערוועקן די הער־

צער פון די ברידער־ייִדן אין רוסלאַנד, זיי זאָלן זיך אָנעמען די קריוודע אאוו״ און ענדיקן ענדיקט דער טווערער ראָוו אזוי: „פון מיר איַער פריַינט, וואָס ווינטשט איַיך קאָלטווו און איך האָף, איך זאָל דאָס לעזן געדרוקטע אין די ביכלעך״. [1])

מיט א שווער געמיט האָט, מיסטאָמע, דער אלטער וויניצער ראָוו דער ער־שטער אויסגעשטרעקט די האנט דעם „רײַכן געוואָרענעם״ און פאָפולער געוואָרענעם זון זײַנעם, וואָס האָט נאָך ניט געטראכט אפילע ארויפצוגיין פון זײַנע „פארדאָר־בענע, נארישע וועגן״. מיר זײַנען זיכער, אז ניט בלויז דאָס פאָטערגעפיל האָט גע־בראָכן די אקשאָנעס פונעם אלטן כאָסיד און געצווונגען אים אין צען יאָר ארום נאָכן איַינרײַס איבערבעטן זיך מיט א פארביסנסטן קעמפער קעגן כאסידיזם י. י. לינעצקין, נאָר הויפּטזעכלעך די אויסערגעוויינלעכע ליטערארישע דערפאָלג פון דעם לעצטן.

יאָסיפ לינעצקיס בריוו איז ניט נאָר אן אינטערעסאנטער קולטור־געשיכטלעכער דאָקומענט פון די האסקאָלע־יאָרן ביכלאַל, ער איז נאָך א דאָקומענט וועגן י. י. לי־נעצקיס מאָראַלישן זיג איבער זײַנע קעגנער.

ניט געקוקט אף דעם גרויסן מאָראַלישן דערפאָלג, וואָס אייניקע פון זײַנע ווערק האָבן געהאט, ניט געקוקט אף זײַן גוואלטיקער פּאָפּולערקײַט באם ייִדישן לייענער ביכלאַל און בא דער ייִדישער אינטעליגענץ ביפראט, האָט לינעצקי קימאט שטענדיק געליטן דאַקעס און נויט. ניט איינמאָל איז אים אויסגעקומען אָנצוקומען צו דערנידעריקנדיקע לאַסקעס און שטיצע פון זײַנע פרײַנט, ניט איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו גיין איבער די הײַזער פארקויפן זײַנע ביכלעך אָדער קלײַבן פרענר־מעראנטן מיט אוואנסן אף ווערק, וואָס ער האָט ערשט געקליבן זיך שרײַבן, און פילן זיך ווי אן אָרעמאן, וועמען דער ייִדישער גוויר אָדער באלעבאָס גיט א „נעדאָווע״ אונטער א שיינעם אויסרייד און אָפט מיט א זויערער מינע אפילע. עטלעכע דאָקו־מענטן־בריוו פון לינעצקיס ארכיוו און א פאָר בריוו פון לינעצקין צו זײַן פאמיליע ווארפן א שײַן אף א פאָר אזוינע עפּיזאָדן אין לינעצקיס לעבן. די דאָזיקע בריוו זײַנען אָבער גלײַכצײַטיק העכסט אינטערעסאנטע קולטור־געשיכטלעכע דאָקומענטן ביכלאַל און באלויכטן גלענצנד די לאַגע פונעם ייִדישן שרײַבער אין פאָריקן יאָר־הונדערט, אפילע פון א בארימטן שרײַבער.

אינעם לינעצקי־ארכיוו געפינען זיך עטלעכע אָפענע בריוו־רעקאָמענדאציעס פון פארשיידענע פערזאָנען צום ייִדישן אוילעם ביכלאַל מיט דער ביטע צו שטיצן מיט געלט דעם בארימטן שרײַבער לינעצקי. צווישן די דאָזיקע רעקאָמענדאציעס איז אויך פאראן איינע פונעם קיִעווער ראבינער צוקערמאן (פון די 80־ער יאָרן). וויפל בלוט האָט געקאָסט לינעצקין אָט אזא מין רעקאָמענדאציע און שפּעטער דאָס ארומ־גיין איבער די הײַזער, וועגן דעם דערציילן אונדז א פאָר בריוו צו לינעצקין פון זײַנע פרײַנט און אויך לינעצקיס בריוו צו זײַן פאמיליע. אין סענטיאבער 1884 יאָר שרײַבט ד״ר טשערני צו לינעצקין:

[1]) די ווענדונג אנטהאלט צוויי דאָקומענטן: א קורצן בריוו אף העברייִש מיט דער באקאַשע אליין, אָן שום פראָטים, און א לאַנגן בריוו אף ייִדיש, וואָס איז מאַשמאָעס באשטימט געווען פאר דער פרעסע. די ציטאטעס האָבן מיר ארויסגענומען טיילווײַז פון איין בריוו, טיילווײַז פונעם צווייטן.

„דאַנקען גאָט אי פאַר דעם קאָװעד אי פאַר דעם געלט, װאָס דו האָסט און װאָס דו מאַכסט אין קיִעװ. איך װאָלט א באַלן געװען צו װיסן, װאָס זאָגט איצט דער קיִעװער ראַבינער אַפ דײַנע אוספּעכן, איך מײן, ער װעט דיר אין די אויגן ניט קענען קוקן באַם באַגעגענען. און װאָס װעט ער ענטפערן, אַשטײגער, ר׳ יִסראָעל בראָדסקין, װען דער לעצטער װעט אים א פרעג טאָן עפּעס מעקויעך דיר? פון אונדזער שװאַרצטומער (בעלאָצערקאָװער א. װ.) לײַט האָב איך דיר קײן נײַס צו שרײַבן, זײ זײַנען געװעזן, זײ זײַנען און זײ װעלן בלײַבן די זעלבע דאָנאָשטשיקעס, טויגעניכצן און יעזויִטן, װי דו האָסט זײ דערקענט. דער װערעמדיקער טאַפּואַכ [1]) דרײט זיך אַרום עפּעס זײער פרײלעך איבער די גאַסן, א סימען, עס איז דאָ א נעװײלע אין שטאָט...“

אין א פּאָר װאָכן אַרום שרײַבט א צװײטער בעלאָצערקאָװער פרײַנט—ד״ר סאָקאָלאָװסקי צו לינעצקין (מיר זעצן איבער פון רוסיש):

„ס׳איז אינטערעסאַנט דורכצוקאָנטראָלירן טאַפּיכס װערטער. ער איז געקומען פון קיִעװ און דערצײלט פּאָלגנדיקס װעגן אײַער באַגעגעניש מיט זײַצעװן. ער, טאַפּיכ, איז געזעסן באַ זײַצעװן און האָט געשמועסט װעגן געשעפט. האָט מען געמאָלדן װעגן אָנקומען פון לינעצקין. האָט זײַצעװ א זאָג געטאָן: „זאָל דער קאַסיר אים געבן א דרײַערל“. לינעצקי האָט פּרעכ געפאָדערט א פּערזענלעכע באַגעגעניש מיט זײַצעװן. מע האָט אים אַרײַנגעלאָזן אין קאַבינעט. אַפ זײַצעװס טרוקענער פראַגע: „װאָס פאַרלאַנגט איר?“ האָט לינעצקי גענומען זיך קלאָגן, אז ער איז אן אָרעמאַן. זײַצעװ האָט דערױף געענטפערט: „האָט טײַנעס צו גאָט, מיר זײַנען איצט אַלע אָרעם“. אינטערעסאַנט, איר האָט טאַקע געטראָפן טאַפּיכן באַ זײַצעװן, אָדער ער האָט עס אויסגעטראַכט...“

װי די מײַסע זאָל דאָרטן ניט זײַן, נאָר לינעצקין איז אויסגעקומען איבערצולעבן ניט װײניק דערנידערונגען אי פון א צוקערמאַנען, אי פון א זײַצעװן, צי פון אן אַנדער קיִעװער גװיר בײס מע האָט אים געגעבן א רעקאָמענדאַציע, אָדער אַרויסגעװאָרפן א דרײַערל. אינעם לינעצקי־אַרכיװ געפינען מיר, פאַרשטײט זיך, אויך דאָקומענטן פון גאָר אן אַנדער סאָרט—דאָס זײַנען בריװ מיט באַגײַסטערטע אָפּרופן װעגן לינעצקיס װערק און מיט ביטעס אַרויסצושיקן זײ די קאָרעספּאָנדענטן. אָבער װיפל זײַנען זײ געװען די דאָזיקע אַקטיװע פאַרערער, און װיפל קערבלעך, מישטײנס געזאָגט, האָבן זײ אַרײַנגעשיקט דעם שרײַבער! דאָס קערבל האָט מען געדאַרפט „מאַכן“ מיט „סטראַדאַניעס און אוניזשעניעס“, װי לינעצקי אַלײן שרײַבט.

דאָס מאָל, בײס זײַנע טורנעס פון 1884־1885, האָט לינעצקי געהאַט דערפאָלג. ניט באַ אַלעמען האָט ער געטראָפן אַזאַ אופנאַמע, װי באַ צוקערמאַנען און זײַצעװן, אַנדערש־װו האָט מען אים דאַפּקע אָפּגעגעבן קאָװעד, און דעריקערשט, ער

[1]) טאַפּואַכ—תּפּוח—עפּל. א װערטער־שפּיל.

האָט געמאכט עטלעכע קערבלעך. צום סאָף 1885 יאָר האָט זיך בא אים אָפּגע־שטעלט עפּעס איבער 1000 רובל. לינעצקי איז אָבער געווען אינערלעך צעבראָכן. פאַר די לעצטע פּאָר יאָר האָט ער געהאט אָנגעשריבן עטלעכע בראָשורן, האָט איבערגעזעצט לעסינגס „נאטאן דער פילאָסאָף", פיליפּזאָנס היסטאָרישן ראָמאן „יאנקעוו טיראדע" און דעם ערשטן באנד פון דער „געשיכטע פונעם יידישן פאָלק" (באארבעט לויט גרעצן), און נאָך אלעמען האָט ער געמוזט ארומשלעפּן זיך איבער רוסלאנד קלייבן נעדאָוועס, ד. ה., פארשפּרייטן זיינע ווערק.

אין דער צייט האָט ער באקומען אן איינלאדונג פון רומעניע צו קומען אהין ארויסגעבן א יידישע צייטונג. ער כאפּט זיך פאר איר אָן מיטביידע הענט און פאָרט אריבער קיין באטושאן. די צייטונג האָט אָבער קיין שום דערפאָלג ניט גע־האט. רומעניע אליין האָט, מאשמאָעס, קיין צייטונג ניט געקענט אויסהאלטן, כאָטש אין געוויסע קרייזן איז יאָ געווען א פאָדערונג אף א פעריאָדישן אָרגאן אף יידיש (אין 1882 יאָר האָט מענדעלע אויך באקומען אן איינלאדונג פון רומעניע צו קומען רעדאקטירן דאָרטן א צייטונג). קיין רוסלאנד האָט מען די צייטונג ניט אריינגעלאָזט. לינעצקיס מאטעריעלע לאגע ווערט וויטער קאטאסטראָפאל. דערצו האָט לינעצקי נאָך אופגערייצט דורך זיינע פאמפלעטן די איינפלוסרייכע באלעבאטים, און מע האָט אים ארויסגעשיקט פון רומעניע מיטן עטאפּ. מיר האָבן לינעצקיס בריוו צו דער פרוי פון 22 פעווראל 1886 יאָר, ד. ה., בייס ער איז נאָר־וואָס געקומען צו פאָרן אין באטושאן. דער בריוו איז זייער אינטערעסאנט פאר לינעצקיס ביאָגראפיע. מיר גיבן דאָ א פּאָר אויסצוגן פון אים.

„פארציי מיר מיין טייערע, וואָס איך האָב דיר ביז אהער ניט געשריבן. וואָרעם איך האָב אלץ געהאט צו טאָן וועגן דעם געשעפט, ביז איך בין ערשט היינט צו ענדע געקומען. יעצט שרייב איך דיר, מיין טייערע סאָניטשקע, אז איך האָב דעם געשעפט איינגעאָרדנט אף דעם בעסטן אופן, וואָס קיין בעסערס פאר אונדז גיט עס ניט אין דער וועלט: איך האָב די גאנצע טיפּאָגראפיע בא דעם מען [־דל?־טשל?] ..ה..כער סאָווערשענע אָפּגעקויפט פאר 1000 פראנק, עס [הייסט פאר] 350 רובל, דאָס איז קימאט א דריטל געלט פון איר [ווערט]. אזא טיפּאָגראפיע קאָסט 2500 פראנק און מען קען אפ... [אָפּגעמעקט; אָפּדרוקן אין איר?] א בלאט און נאָך אייניקע ווערקלעך, אזוי ווי זי, [איז?]... 2־3 יאָר, און אויב גאָט וועט העלפן, עס וועט זיין אסאך ארבעט, דאן וועט דאָך לוינען זי צו פארגרעסערן, און דאָ וועל איך אלעס קריגן אוף קרעדיט און גאנץ קאָנוועניערענד. האקלאל, סאָניטשקע, איך האָב יעצט געמאכט א געשעפט אָן שום שוטעף, אזא יאָר זאָל איך האָבן! דו ווייסט, אז אין רוסלאנד האָט זיך שוין מיין קאריערע אויסגעלאָזט, וואָרעם מיט ביכלעך ארומגיין זאָל איך שוין נישט דערלעבן, און דערצו בלייב איך נאָך א מאָ־שעניק פאר דער היסטאָריע, היינט פארשטיי אליין, אז אין רוסלאנד איז מיין ראָלע סאָווערשענע אָפּגעשפּילט, דאָ אָבער באקום איך גאָר א ניי פעלד, וווּ איך וועל גאָר אָנהייבן איבעראנייס צו גילטן, וואָרעם איך בין דאָ אָנגענומען ווי א גאָט, און מיין יעדעס וואָרט איז אזוי ווי א נעוווע, און איך פארהאָף, אז מיר וועלן דאָ לעבן פון מיין ליטעראטור, אזוי גליקלעך, ווי א פירשט. דאָס זאָג איך דיר ניט איבערגעטריבן, נאָר די ריינעווירקלעכקייט, אזוי ווי עס איז. סיידן גאָט אליין,

כאָלילע, וועט אונדז וועלן אקעגנשטיין! נאָר איך זע דאָך, אז גאָט האָט מיר דערצו געפירט נאָר צום גוטן, וואָרעם פאר דעם זעלבן, וואָס איך האָב אין אָדעס געוואָלט געבן 2000 רובל, און יענער האָט נאָך ניט געוואָלט, האָב איך עס דאָ געקויפט, קימאט אזויפיל סכוירע פאר 350 רובל. און נאָך שאבעס וועט שוין טאקע דערשיינען דאָס ערשטע בלאט אפן שענסטן אויפן, און מיר וועלן, מיט גאָטס הילף, ניט דארפן אָנקומען גאָר צו רוסלאנד, וואָרעם רומעניע אליין וועט אונדז געבן אפ [צו] לעבן בעקאָוועד און נאָך א קאפיטאל אָפשפאָרן...

... אלזאָ, מיין ליבע פרוי, זיי פריילעך און פארזיכערט, אז גאָט וועט אונדז דאָ העלפן אפן בעסטן אויפן, און מיר וועלן פארברענגען די עלטערע יאָרן אין נאכעס. לאָכיינ שיק מיר צו די מינוט 300 רובל, וועלכע איך מוז טייקעף באצאָלן און מאכן דעם קאָנטראקט און שוין טאקע אָנהויבן ארבעטן צו מאזל!..

שרייב מאָסיען [1]), ער זאָל שוין אָפּסטראדאיען מיט איין מאָל און זאָל מיט קיין עקזעמפליארן ניט קומען צוריק. אז וויי [איז] מיר, אז איך הער פון זיין אוניזשעניע און סטרא[דאניע]...

צורײדנדיק זיין פרוי ארויסצושיקן די 300 רובל און שפעטער אליין אויך אריבערצופאָרן אין רומעניע, האָט לינעצקי אביסל געטריבן דיפלאָמאטיע. פאר אים איז לאכטלוטן ניט אייגנטלעך דער פרומלעכער טאָן, וואָס זעט דאָ אויס צו זיין מער ווי א טראפארעטע רייד־ארט, און וואָס קען פאָרט ניט גענומען ווערן מער־ווייניקער ערנסט. ער טרייבט אויך איבער אביסל אין פראט פון שוין האָבן אָפּגעשפילט זיין ראָל אין רוסלאנד. ער האָט זיכער דערין ניט געגלויבט. ער האָט נאָך אָפט באקומען באגייסטערטע בריוו פון זיינע פארערער. דער איבערזעצער און ארויסגעבער פון מענדעלעס „טאקסע"—פעטריקאָווסקי—האָט זיך געקליבן איבערזעצן אפ רוסיש און ארויסגעבן אויך די בעסערע ווערק לינעצקיס. „...מיינע מיטלען זיינען ניט קיין איבעריקס גרויסע, און אונדזער יידנטום ווארפט זיך ניט איבעריקס גערן מיט קיין מעזומאָנים אפ ביכער, דעריבער מוז איך באגרענעצן מיין ביבליאָטעקל מיט א צענדליק אויסגאבעס. דערפאר מוז איך זיך לעסאטע אָפזאָגן פון מיין הייסן ווונטש איבערצוזעצן אפ רוסיש אלץ, וואָס איר האָט נאָר אָנגעשריבן..." (פעטריקאָווסקיס בריוו צו לינעצקין. 14־טער יול 1884 יאָר).

פעטריקאָווסקי האָט זיך געקליבן איבערזעצן „דאָס פוילישע יינגל", „די וויבאָרעס" און „די בעסטע ארטיקלען, וואָס זיינען געווידמעט די ברענענדיקסטע טאָג־פראגעס".

מאָראליש האָט נאָך לינעצקי זיין ראָל אין רוסלאנד ניט געהאט אָפגעשפילט. אין א פאָר יאָר ארום וועלן זיך צו לינעצקין נאָך ווענדן שאָלעם־אליינעם, ספעקטאָר, דינענזאָן, א. אנד., וועלן בא אים בעטן ווערק פאר זייערע אויסגאבעס און וועלן אים אופריכטיק שטעלן, באגלייך מיט מענדעלען, אין דער ערשטער ריי פון די יידישע שרייבער. לינעצקיס „וואָרעם אין כריין" וועט נאָך ביז גאָר וואָרעם אופגענומען ווערן פון דער קריטיק און פונעם לייענער. לינעצקי האָט נאָך געהאט

[1]) מישע לינעצקי—י. י. ליג. א זון, וואָס איז דאן ארומגעפאָרן פארשפרייטן דעם פאָטערס ווערק.

גענוג אויסזיכטן אפן מאָראַלישן דערפאָלג אפ דער ליטעראַרישער ארענע, און ער האָט דערינ גאָר ניט געסאָפּעקט. ער האָט אָבער גאַנצ גוט געוווּסט, אז קײנ מאטעריעלן דערפאָלג וועט ער בעשום אויפן ניט האָבן, אז לעבן בעקאָוועד פונ זײַנ ליט. ארבעט וועט ער ניט קענען, און אומגײנ איבער די הײַזער האָט אים שוינ לאַנג דערעסן.

די האָפענונגען אפ רומעניע זײַנען, נאַטירלעך, געווען אינגאַנצן ניט באַגרינדעט. לינעצקי האָט זיך, לויט זײַנ מענאַכעם־מענדלשער געוווינהײַט, ניט באַקענט פריִער מיטן דאָרטיקן מאַרק, האָט אײַנגעהאַנדלט א מעציִע—א טיפּאָגראַפיע, וואָס האָט אפ גאָרנישט ניט געטויגט, האָט ניט ארומגעזען זיך באַצײַטנס וועגן מיטארבעטער און אבאָנענטן פאַר זײַנ בלאַט. האָט ער אָפּגעמאַטערט זיך און אָפּגעפּליאָדערט א קורצע צײַט ארום זײַנ „געשעפט, וואָס קײנ בעסערע פונ אים גיט גאָר ניט אפ דער וועלט‟, און דער געשעפט האָט געפּלאַצט.

לינעצקי איז ווײַטער אינ רוסלאַנד. ער גיט ארויס דעם צווײטן און דריטן באַנד פונ דער „געשיכטע פונ ייִדישן פאָלק‟ (1887 י. און 1889 י.). קײנ געלט דערופ האָט ער ניט און מוז אָנקומען צו פרעמדער הילף, וואָס זעט ווײַטער אויס שיר ניט ווי א נעדאָווע, נאָר שוינ ניט פונ א דרײַערל, נאָר פונ א הונדערטער (שאָלעמ־אַלײכעמס בריוו צו טשערנינ און סאָקאָלאָווסקינ). און פאַרקויפן די ביכער דאַרפ מען ווײַטער גײנ איבער די הײַזער. ניט געקוקט אפ לינעצקיס ווענדונג צום אוילעם מיט א קלאָגנדיקער באַקאָשע צו שטיצן אזא וויכטיקן נאַציִאָנאַלן אופּטו און פאַרײנס טאַקע אויך א פאָלקס־שרײַבער, וואָס ארבעט שוינ צוויי צענדליק יאָר פאַר זײַנ פאָלק און איז געבליבן אָנ אויגנ און אָנ א לונג בא די מיטעלע יאָרן. ניט געקוקט אפ אָט דער ווענדונג צו די לײענער, אפן אפּעלירן צו זײער ראַכמאָנעס־געפיל, איז דער מאַטעריעלער דערפאָלג דאָס מאָל געווען זײער א שוואַכער. לינעצקי פאָרט אריבער אינ קאַכאָווקע און פרוּווט זיך ווערן א טווע־הענדלער. ווי שטענדיק לאָזט זיך פונ דעם געשעפט לינעצקינ אויך אויס א בוידעם. דעם 10־טנ פעוראַל 1889 יאָר שרײַבט לינעצקי א בריוו צו זײַנ זונ, וואָס איז ווײַטער אוועקגעפאָרנ פאַרשפּרײטן „די געשיכטע‟. דער בריוו אנטפּלעקט פאַר אונדז די העכסטע טרויעריקע לאַגע פונעם באַרימטן פאָלקס־שרײַבער:

„... דײַנע אויספּעכנ פרײען מיר זײער...

... פונ זײַט דײַנ אָפּרײַזנ ביז דעם ערשטנ 25־קער איז בא אונדז אוועקגעגאַנגען 28 רובל (פונ דעם 24-טנ ביז אינ 7־טנ פעוראַל). דערופ האָבן מיר געהאַט בא דײַנ אָפּרײַזנ 5 רובל. 10 האָט שיקע געמאַכט אינ מאַיאַטשיקעס. 10 האָב איך אנטלִיען בא לעוויטשן און 3 רובל בא הורעוויצן, אז דײַנ 25־קער איז אָנגעקומען, האָב איך אפילע קײנעמ ניט געקענט אָפּצאָלן א קאָפּיקע הי און דוכאָוונען אויך ניט, כאָטש ער רײַסט די הויט אזוי נאַכאַלנע. וואָרעמ פאַשקע איז שוינ א כוידעש געגאַנגען סאָוערשענע באָרוועס, און סע איז איר שוינ געקומען 12 רובל, האָב איך איר געמוזט געבן 5 רובל אפ שיך. מ. האָט זיך אויך גענוג אָנגעבידעוועט מיט צעריסענע שיך, אז ס׳איז פאָשעט א ראַכמאָנעס געווען קוקנדיק אפ איר,—און טאַקע א שאַנדע פאַר לײַט, האָב איך איר געקויפט פאַר 4 רובל שיך. 4,25 האָט געקאָסט דײַנ פאַסילקע קײנ מאָהיליִעוו און 3,25 קײנ קאַמענעצ (וואָרעמ לויט דײַנ לעצטנ

בריוו פונ האָלטע דעמ 9־טנ האָב איכ ארומגעזוען, אז ביז קאמעניעצ קאָנסטו נאָכ בלײַבנ אָנ עקז.. אונ דעמלט קענ ווידער אוועקגײנ 10 טעג לישנע, ווארטנדיק זיכ אפ א פאסילקע אונ האָב דיר заранее ארויסגעשיקט די לעצטע 66 עקז. 5־טער טייל אונ 4 עקז. 4־טער טייל איז אינגאנצנ זאצ—אלע 5 טיילנ). 3,50 איז אוועק אפ הייצונג אונ פונ דעמ 7־טנ ביז הײַנט, 10־טנ, איז אוועק אפ דער שטוב אונ אפ וועש די לעצטע 5 רובל, אונ מיר זיצנ שוינ אָנ א גראָשנ בא דער נעשאָמע, אונ אנטלײַען איז שוינ ניטאָ ווו, ווײַל מע האָט קײנעמ ניט אָפגעגעבנ א קאָפיקע, פאָלגלעכ, אז דײַנ צווייטער 25־ער וועט אָנקומענ, מוז מענ שוינ דוכאָוונענ געבנ 10 רובל, כאָטש לאָפנע... אונ אפ די היגע קלײנע כויוועס מוז מענ כאָטש אפ 38 רובל אָפגעבנ 15 (ריוועטשקענ כאָטש 3, הורעוויצנ די 3, ער איז א קאפצנ, דעמ כאָזײַענ כאָטש 5 רובל, האליטשקענ כאָטש 3—ער מאָנט... אונ פאשקע רײַסט די הויט כאָטש א רובל. עס קומט איר שוינ ווידער 7 רובל). הײַנט פארשטיי, וואָס מיט אונדז קענ דאָ ווערנ, אז מע בלײַבט אזא סעמייסטווע אומ ווינטער אָנ א גראָשנ אונ דאָ בינ איכ אויכ קעסיידער טויט־קראנק, אונ גאָט ווייסט, וואָס דערפונ וועט ווערנ...

... לאָכיינ, מײַנ קינד, זע סטארע זיכ מיט אלע מעגלעכקײַטנ, אז דו זאָלסט אונדז צושיקנ וואָס מער געלט אונ וואָס גיכער. קוק ניט אפ אָנקלײַבנ אהיימ צו ברענגענ, אז די נויט איז אזוי עקסטרא, איז בילכער דער באלד, ווי דער שפעטער... אונ אויב עס וועט קענענ בלײַבנ איבעריקס, וועט עס בא מיר אויכ פארלאָרנ ניט גײנ! מיר וועלנ לעבנ מיט דער שטרענגסטער שפור, מיר ווייסנ אויכ, אז סע גייט א פייסעכ פאר אונדז מיט אנ עמיגראציע, אונ קײנ אײנציקער עקז. איז שוינ ניטאָ... לאָכיינ, דארפ מענ פונ די 270 עקז. זענ לעבנ ביז איבער פייסעכ, אונ עפעס מיר אפ הויצאָעס פאר דער רײַזע אונ אפ א כוידעש כאָטש אינ אָדעס צו עקזיסטירנ. אלזאָ, שיק, מײַנ קינד, וויפל דו מאכסט נאָר, אונ לאָז דיר נאָר אפ הויצאָעס, אונ לאָמיר ניט אויסגײנ ווארטנדיק אפ א קערבל פונ דיר, פארנ גאנצנ זאצ נעמ ניט ווייניקער פונ 5 רובל...

... איכ האָב פאָלוטשעט דרײַ בריוו פונ אָדעס, אינ וועלכע מע דאנקט מיר פארנ „וואָרעמ אינ כריינ". אונ מע גיט מיר אָפ די קרוינ אונ די מעמשאָלע איבער אלע שרײַבער, אונ מע שרײַבט מיר, אז מײַנ ארטיקל איז דאָס אײנציקע אינעמ סבאָרניק, אונ אז דאָס גאנצע ליטערארישע אָדעסער געזינדל איז אנטציקט פונ מיר!.."

לינעצקי האָט זיכ אומגעקערט צוריק אינ אָדעס. ער איז געשטאנענ ערעוו זײַנ 50־טנ געבורטס־טאָג אונ ערעוו זײַנ 25־יאָריקנ יובילײ. ער האָט ערשט געהאט א גרויסנ מאָראלישנ דערפאָלג מיט זײַנ „וואָרעמ אינ כריינ", ער איז אָבער אינגאנצנ פארצווייפלט מאכמעס דער שוידערלעכער מאטעריעלער לאגע זײַנער. ער פילט זיכ באָדנלאָז אונ פארלאָזנ, הילפלאָז אונ פארגעסנ. דאנ שרײַבט ער אָנ זײַנ „יובל שנה" אָדער „זכות אבות". דאָס איז, אייגנטלעכ, דער ערשטער וואריאנט פונעמ שפעטערדיקנ „פונעמ יאריד". אינ צוואנציק יאָר ארומ האָט לינעצקי איבערגעארבעט אביסל זײַנ „יובל שנה" אונ אָפגעדרוקט עס אפ ייִדיש. דאָ האָט ער געשריבנ:

„... איכ וויל מיכ אָפשטעלנ אפ א רעגע אונ באטראכטנ: ווו זשע פאָרט זײַנענ אהינגעקומענ גאנצע 50 יאָר לעבנ, אונ וועלכע רוכעס שלעפ איכ זיכ נאָכ ווײַטער

און טשעפּע מיך צום לעבן און שליידער עס ניט אוועק פון מיר? נאָר דאָס לויפן פון דער צייט לאָזט מיך ניט פאַרהאַלטן זיך אַפילו אויף אַ מאָמענט און צווינגט מיר צו לויפן אַלץ „ווייטער"—און דער „ווייטער" איז גאָר אייגנטלעך „צוריק"... נישט מער, וואָס העלפט עס, אַז „בעל כרחך אתה חי!" (איבערגעוואַלד לעבט אַ מענטש)... כאָטש וואָס פאַרא ווערט האָט דער „בעל כרחך" בא אַזאַ לעבן פון נויט און צוואַנג, ווי דאָס מייניקע?

„בעל כרחך אתה חי!"—אָבער אַזאַ לעבן פול מיט פּלאָג, ווי מיינס?! 50 יאָר איז בלויז אַ רעגע, אָבער 50 יאָר מי, פּלאָג, אָרעמקייט און נויט, געיאָגט און געפּלאָגט! יעדעס רעגע פון אַזאַ לעבן איז לענגער פונעם ייִדישן גלות. און מע דאַרף ווייטער שלעפּן די ליאַמקע, ווער ווייס צו וואָס. אָבער זעלבסטמאָרד איז ניט קיין צירדע פאַר אַ מאַן. ניט מעיאוש זיין זיך דאָס איז וויכטיק!.."

מיר מיינען, אַז ליִנעצקי האָט זיך, קלוימערשט, פאַרטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד נאָר צוליב אַ שיינער פראַזע. ער האָט נאָך, מיסטאָמע, געהאָפט צו דערלעבן גרויסע ליטעראַרישע דערפאָלגן, אָבער זיין פאַרצווייפלונג איז בעעמעס געווען גרויס. צי האָט ער געשפּירט, אַז „דער וואָרעם אין כריין" איז געווען זיין שוואַנען-ליד? צי האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט איבערגעלעבט זיין דאָר? אין צוואַנציק יאָר אַרום האָט ער מיט טיפן ערנסט און מיט טיפן ווייטעק געזאָגט: „דער כילעק צווישן מיר מיט מיין טאַטן איז נאָר דאָס, וואָס זיין דאָר האָט אים איבערגעלעבט, און מיין דאָר האָב איך איבערגעלעבט!.." אין 1889 יאָר האָט ליִנעצקי מיט אַזוינע געדאַנקען נאָר געשפּילט זיך, ער האָט נאָר ווייטעקלעך איבערגעלעבט די אומדאַנקבאַרקייט פון זיין דאָר און פון דעם ייִנגערן דאָר צו אים, דעם פאַרדינסטפולן שרייבער, וואָס האָט געקעמפט ביזן לעצטן טראָפּן בלוט מיטן פאַרצויגענעם מיטלאַלטער און האָט געווייטעקט פאַרן געקריוודעטן ייִדישן האָרעפּאַשניק. און ער איז ניט גאָר אומגערעכט געווען. די סקאַנדאַליעזע באַציִונג פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט צו ליִנעצקיס 25-יאָריקן יובילײ און דאָס שפּעטערדיקע פאַרגעסן אים אינגאַנצן איז בעפּײַ'עש געווען אַן אומדערלאָזבאַרער פעלער. דעם דאָזיקן פעלער האָבן מיר נאָך אַדהאיאָם ניט פאַריכט אין דער געגנוגנדיקער מאָס.

ווייטער האָבן מיר צוויי בריוו ליִנעצקיס צו זיינעם אַ זון פון 1896 יאָר. ליִנעצקי געפינט זיך שוין אָפּגעזונדערט פון זיינע זין, ער לעבט נאָך אָבער אַלץ אין גרויס דאַכקעס, ווייל די זין אַליין פאַרדינען, אַפּאָנעם, גאַנץ ווינציק און זיינען נאָך ניט זיכער מיט זייערע שטעלעס אַלס ייִדן. זיי האָבן עפּעס אומאַנגענעמלעכקייטן און איינער בעט, אַפּאָנעם, ליִנעצקין געפינען אים אַ שטעלע אין אָדעס.

„... געסטערן—שרייבט ער—האָב איך דיין ליבן בריוו באַקומען דורך ה' ווייַנשטיין מיט די 23 רובל, און איך קען דיר, מיין קינד, ניט אָפּמאָלן דאָס פאַרגעניגן, וואָס מיר אַלע, באַזונדערס איך, האָב געהאַט, לעזנדיק דיין בריוו! גלויב מיר, מיין טייער קינד, אַז ווען איך בין אימשטאַנד, וואָלט איך פאַר אַזאַ בריוו נאָך דיר געשענקט אַ גרויסן פּרעזענט! אָ, דאָס איז אַ בריוו פון אַ קינד צו אַ פאָטער!..

... הייַנט גאַנץ פרי בין איך געווען בא שאַפּירען, האָט ער מיר אויסדריקלעך געזאָגט, אַז ביז 1-טע יאַנוואַר מוזן אַלע ייִדישע סלוזשאַשטשעס אַרויסטרעטן פונעם פּאָדריאַד, אַנדערש וויל ניט די פּראַוויטעלסטוואָ! בא ראָזענבערגן אין צו-

קער־זאוואָד בינ איכ געווענ הײַנט, אונ דאָרט איז אויכ די זעלבע מאקע: אלע אקציאָנערנ זײַנענ קריסטנ—ווילנ זיי קיינ איינציקנ יִידנ אינ זאוואָד ניט האָבנ! נאָר וואָס קענ מענ מאכנ מיט זייער Бог любви?..״

לינעצקי ראט דעריבער זײַנ זונ אָפצוזאָגנ זיכ פונ זוכנ זיכ א שטעלע ביכלאל אונ לייגט אימ פאָר ווערנ א מעקלער. ער זאָגט אימ צו אי מער פארנאָסע, אי ווינציקער קלעמעניש:

„טו א שפײַ, מײַנ קינד, אפ אלע הײַנטיקע שטעלעס אונ פארטרוי זיכ דײַנע פעיִקײַטנ מיט דײַנ גאָלדענעמ כאראקטער—זיי ועלנ דיר, בענעמאָנעס, באצאָלנ אינ א טאָג פאר א גאנצנ כוידעש זשאלעוואניע, אינ א כוידעש—פאר א יאָר!..״

אונ נאָכ צוויי בריוו שוינ פונ די לעצטע יאָרנ פונ זײַנ לעבנ, געשריבנ צו דער טאָכטער, קלאָגט זיכ לינעצקי אפ זײַנ שלעכטנ געזונט־צושטאנד. אינ איינ בריוו שרײַבט ער:

„דו ווייסט, מיסטאמע, אז שאפנ עפעס אייגענע בינ איכ שוינ ניט אומשטאנד...״ אינ א צווייטנ בריוו קלאָגט ער זיכ, אז פונ זײַנ ספאומע איז ער שיר פונ דער וועלט ניט געגאנגענ...

די געבראכטע עפּיזאָדנ זײַנענ ניט קיינ צופעליקע—זיי זײַנענ מער ווי כאראקטעריסטיש פאר לינעצקיס טרויעריק פערזענלעכ לעבנ, אונ פארנ לעבנ פונ די אמאָליקע יִידישע שרײַבער ביכלאל.

י. רימיניק

# לינעצקי און שאָלעם־אַלייכעם

ייִצכאָק יויעל לינעצקי, איינער פון די טאַלאַנטפולע פאָלקס־שרײַבער פון די 60־ער—80-ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט געווירקט אַף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

שוין אין 1870 יאָר דערשײַנט אַ ביכעלע פון איינעם א. ווײַנשטיין פון אָדעס „דער פוילישער יונגערמאַן“, וואָס האָט געזאָלט זײַן אַ רעזולטאַט פון דער דירעקטער ווירקונג פון לינעצקיס „פוילישן ייִנגל“. דער „קויל מעוואַסער“, די איינציקע דאַן טריבונע אַף ייִדיש, האָט אַף זײַנע שפאַלטן געדרוקט אונטער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען פעליעטאָנען און אַרטיקלען, געשריבענע אין לינעצקיס סטיל, וואָס קאָנען פאַלש אָנגענומען ווערן פאַר לינעצקיס שאַפונגען. אין די אָנהויב 70־ער יאָרן באַווײַזן זיך אין „קויל מעוואַסער“ פעליעטאָנען פון זאַני דלוגאַטש, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אַף נאָכמאַכן לינעצקין. ווי עמעס עס זאָל ניט זײַן די באַהויפּטונג, אַז דער דאָזיקער שרײַבער האָט איבערגענומען בא לינעצקין בלויז דאָס נעגאַטיווע, איז דאָך אַ פאַקט, אַז ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך געוויסע אייגנשאַפטן פון לינעצקיס אַרט שרײַבן. אויך שפּעטער, אײַנשליסלעך די אָנהויב אכציקער יאָרן, קאָנען מיר טרעפן אין דער ייִדישער פּרעסע קאָנטיקע סימאָנים פון לינעצקי-ווירקונג, שוין אָפּגערעדט פון די פאַרשיידענע פלוג־בלעטלעך און קאַלענדאַרן פון די שאָמערס, בעקערמאַנס, בוכבינדערס, קאַלמוסעס און זייער גלײַכן, וואָס האָבן זיך פּאָשעט געדראַפּעט אַף די גלײַכע ווענט אין זייער שטרעבונג צו שרײַבן „פּאָ לינעצקאָמו“. זינט דעם „פוילישן ייִנגל“ איז לינעצקיס נאָמען געוואָרן אַ מין סימוואָל פונעם סאַטיריש־הומאָריסטישן זשאַנר אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ מין מוסטער, לויט וועלכן ס'האָבן געשטרעבט זיך גלײַכן נײַע אויפקומענדיקע שרײַבער. ס'איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, וואָס שאָלעם-אַלייכעם, וואָס איז געווען אויפמערקזאַם צו אַלדאָס ווערטפולע און פּראָגרעסיווע אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו לינעצקיס שאַפן.

אַז ש'א האָט פון קינדווײַז אָן געהאַט אַ נייגונג צו אויפכאַפּן דאָס קאָמישע, דאָס לעכערלעכע אין לעבן, ווייסן מיר פון זײַנע אייגענע דערציילונגען און „פונעם יאַריד“.

די איינציקע ווירקונגספולע שרײַבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס בא זיי האָט שאָלעם־אַלייכעם געהאַט אַסאַך וואָס אָפּצולערנען זיך, זײַנען געווען מענ־

דעלע, און לינעצקי. אויב בא מענדעלען האָט שאָלעם־אלייכעם זיך געלערנט אין פראצע פון סיוזשעטישקײַט און שילדערונג — האגאם, בענעגייע שילדערונג האָבן אויך לינעצקיס ווערק געקאָנט דינען אלס מוסטערן, — האָט ער בא לינעצקין געקאָנט געפינען אין אסאך א בולעטער אויסגעדריקטער פאָרם די פארשיידענע עלעמענטן און מיטלען פון הומאָר, היפּשע אויצרעס פון הומאָר־שפּראך און ביכלאל וואָרט־קרויוועשאפט. אין דער צײַט אָבער, ווען וועגן מענדעלעס ווירקונג אפ שאָלעם־אלייכעמען איז אין דער ליטעראטור־קריטיק און ליטעראטור־פאָרשונג מער־ווייניקער געשריבן געוואָרן, איז די פראגע וועגן לינעצקיס ווירקונג אפ שאָלעם־אלייכעמען אפילע ניט באריט געוואָרן, גלײַך ווי לינעצקי (דער ערשטער ייִדישער הומאָריסט און סאטיריקער!) וואָלט צו דער זאך קיין מינדסטע שײַכעס ניט געהאט.

ווי אזוי זשע האָט שאָלעם־אלייכעם אליין אָפּגעשאצט לינעצקין? ווי האָט ער זיך אָפּגערופן וועגן באזונדערע ווערק זײַנע?

פריִער פאר אלץ דארף פארצייכנט ווערן, אז אין די קריטישע ארבעטן פונעם יונגן שאָלעם־אלייכעמען גייען שטענדיק און אומעטום באנאנד מענדעלע און לינעצקי, ווי די צוויי גרעסטע שרײַבער, וואָס האָבן צוזאמען געלייגט דעם פונדאמענט פון דער נײַער ייִדישער ליטעראטור.

ריידנדיק אין זײַן ארטיקל „דער ייִדישער דאלעס אין די בעסטע ווערק פון אונדזערע פאָלקס־שריפטלער" (בײַלאגע צום „ייִדישן פאָלקסבלאט" 1888 יאָר נום 42) שרײַבט שאָלעם־אלייכעם:

„לינעצקי... דאָס פוילישע ייִנגל", אָט די ווערטער זײַנען שוין גענוג, אום ארויסצורופן א שמייכעלע בא יעדן ייִדישן לעזער; אזוי ווײַט איז דיזער ערשטער ייִדישער סאטיריקער באקאנט דעם אוילעם. די סאטירע — דאָס איז אזא מין טײַערער אינסטרומענט אין די געלערנטע הענט פון טאלאנטפולע שרײַבער, אז עס פארלײַכטערט די שווערסטע ארבעט און טרעפט שטענדיק דעם נאָגל אפן קאָפּ: דער אוילעם ווערט צעשמאָלצן לאכנדיק און זעט גאָר ניט, אז דאָס לאכט ער פון זיך אליין, דאָס איז א ביטערער געלעכטער. אָט דעם זעלטענעם טאלאנט באזיצט אונדזער בארימטער זשארגאָניסט לינעצקי".

אין זײַנע רעצענזיעס „אפן ליטערארישן מארק" (ב. פ. 1888) גיט אויך דער באקאנטער ס. ביכערפרעסער אָפּ שאָלעם־אלייכעם אזא אלגעמיינעם איבערבליק איבער אלע ווערק פון לינעצקין:

„דער ערשטער, וואָס האָט געלייגט א שטיין אין דעם ארט זשארגאָן, וואָס מע רופט אָן „סאטירע", איז געווען דער באוווסטער ייִדישער פאָלקס־שרײַבער לינעצקי. נאָך דעם אויסגעצייכנטן ווערק „דאָס פוילישע ייִנגל" האָט דער טאלאנטפולער שרײַבער ארויסגעלאָזט נאָך עטלעכע אויסגעצייכנטע ביכלעך ווי „דער קאָלבויניק", „דאָס מעשולאכעס", „די פריטשעפּע", וועלכע דאָס פאָלק האָט געלעזן, קאָן מען זאָגן „זאפּאָיעם". יעדעס נײַע ווערק פון לינעצקין איז געווען פול אין אלע ייִדישע הײַזער; יונגעלײַט האָבן עס אויסוויינּיק געקאָנט, ווײַבלעך און מיידלעך האָבן זיך געקײַכט פאר געלעכטער, און עלטערע האָבן געזען, ווי מע מאכט פון זיי כויזעק — און האָבן געהאָלפן לאכן. האקלאל, דאָס איז געווען א שטיקל צײַט, וואָס מע וואָלט עס געמעגט א נאָמען געבן „לינעצקיס צײַט".

פון די שפּעטערדיקע ווערק פון נאָך דעם „פּוילישן ייִנגל“ איז שאָלעם־אַלייכעמען באַזונדערס געפעלן געוואָרן „די וויבאָרעס“. נאָך אין 1884 יאָר האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעשריבן א רעצענזיע אף מאָני דלוגאַטשעס א זאַך „דער שלימאַזל“ (די רעצענזיע איז בעשײַטע ניט געדרוקט געווען און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין שאָלעם־אַלייכעמס בוך“). דאָרט לייענען מיר: „אף דעם (עס רעדט זיך וועגן דעם סאַטירישן שרײַבער—י. ר.) איז ליִנעצקי בא אונדז דער גרעסטער מײַסטער, און אין זײַנע געוויסע „וויבאָרעס“ האָט ער באַוויזן אזא קונסט, וואָס אַלע קליינע מעכאַבּרימלעך, וואָס פּרוכפּערן זיך און מערן זיך, ווי פיש אין וואַסער, קאָנען אים בעשומויפן ניט נאָכמאַכן“. „די וויבאָרעס“ זײַנען אזוי אײַנגעבאַקן געוואָרן שאָלעם־אַלייכעמען אין האַרצן אַרײַן, אז שפּעטער מיט פיר יאָר, צוטרעטנדיק צום אַרויסגעבן די „פאָלקס־ביבליאָטעק“, האָט שאָלעם־אַלייכעם אין דער אײַנלאַדונג צו ליִנעצקין וועגן באַטייליקן זיך אינעם זאַמלבוך, אים געשריבן: „וואָס טו איך פון אײַך ביטן, אַדוני ליִנעצקי, גאָר א קלייניקײַט—א בילד, א קאַרטינקע פון דעם ייִדישן לעבן, из народного быта אף דעם שניט פון אײַערע „וויבאָרעס“. איך היט זיך פון כניפע, נאָר דאָ מוז איך אויסזאָגן מײַן געשמאַק, וואָס און וועלכעס געפעלט מיר אין דעם אַרט שרײַבן“ [1]).

האָבנדיק אַזעלכע אַרויסזאָגונגען פון שאָלעם־אַלייכעמען וועגן ליִנעצקיס ווערק, צווישן אַנדערס וועגן די „וויבאָרעס“, אין וועלכע שאָלעם־אַלייכעם האָט אײַנגעזען א סאַטיריש ווערק לויט זײַן געשמאַק, שטעלט זיך אונדז פאָר פאַר באַזונדערס וויכטיק די אויפגאַבע זיך א גריבל טאָן אין ליִנעצקיס ליטעראַרישער ירושע מיטן ציל אויסצוקלאָרן דאָס געמיינזאַמע, וואָס מיר געפינען בא די דאָזיקע, אין פלוג קעגנזעצלעכע צוויי שרײַבער און, אויב ס'איז מעגלעך, אויך די שפּורן פון א געוויסער ווירקונג, וואָס ליִנעצקי האָט געקאָנט האָבן אף שאָלעם־אַלייכעמען.

איז לאָמיר זיך ווענדן צו די „וויבאָרעס“.

שוין דער ערשטער אַרײַנפאָר—דאָס צעטל אָנטיילנעמענדיקע פּערזאָנען טוט א פאַרשמעק מיט שאָלעם־אַלייכעמישן קלאַפּערגעצײַג. אייגן־נעמען: שמעלקע, באַשײַנפערלעך, פּישקע מאַנקאָליניק, כאַיִם קערעבאַבעצע, מוישע בולבע, מיכל קעבעבע. איצי קאַראַקאַשטע, שמערל דראָל, סימכע קאַקורוזע, טאָדרעס מעשטיינס געזאָגס, זאַנוול וואַרעטענע, בערל מאַמעטליוזע, מענדל אַכבעריש, שמײַע געפּלאָכטענער, בעני לעדוויצע, מיכאָעל קוואַשע, מייער פּערוויק, גדאַליע כיק, שליאָזקע דער אַנטרינער, כײַקל אַלטגעזעסענער, קאַלמען פּאָזער, צאָדיק מאַכטייסע, שפּרינצע כאַפּ־לאַפּ.

וויפל פון אַזעלכע און ענלעכע צונעמענישן זײַנען עס צעזייט און צעשפּרייט איבער שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. אַשטייגער: רעב נאַכמען פּליאַסק („טײַבעלע“), רעב כאַיִם בענציִען גלאָק („סטעמפּעניו“), קראָקמאַן, פּײַפערמאַן („סענדער בלאַנק“), באָרעך קאַפּאָטע, זאָרעך פּופּיק, פּישל וויקידײַלע, כאַיִם קוויטש, ניסל קאַטשען, מאָטל שאָלעכץ, שיִע־העשל קישקיש, הענעך גאָרגל, קוסיִעל שמאַראָווידלע, שעפּסל קאַרטאָפל, פּישל קאַטשעלקע, בערל בראָנפן, לייב וואָרעטשעק, עליע פּעטעלעלע („דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער“), עפראָיִם קלאָץ („אפן פידל“), רעב כאַיִם יאָסי לעמעשקע, רעב אײַ־

---

[1]) דער בריוו געפינט זיך אין אָדעסער מענדעלע־מוזיי. ער איז דאַטירט 27 מאַרט 1888 יאָר.

זיך באַלבריסניק („צוויי שאַלאַכמאָנעסן") א. א. וו. א. ד. גל. און מערקווירדיק, שאָלעם־אַלייכעמס צווייטער ליטעראַרישער פּרוּוו מיט דעם זעלבן נאָמען „די ווי־באָרעס"—סענטיאַבער 1883 יאָר—פאַרמאָגט דאָך אויך אַזעלכע אייגן־נעמען ווי רעב פּייוול קנאַק, רעב יאָסעפ אינדעק, רעב פּייטל בלאָך, פרידל בליץ!

א היפּשן אינטערעס האָבן דאָ אויך פאַר אונדז לינעצקיס לאַקאָנישע געשליפענע רעמאַרקעס (זיי ווערן, אַגעוו, געבראַכט אין טעקסט).

מיכל קאַבעבע—„א לאַנגער דאַרער ייִד מיט טיפע אויגן אין קאָפּ אַרײַן".

מענדל אכבעריש—„א צעכאָוואַי שוסטערל מיט א טשאָפּרינע איבערן שטערן, מיט א צעשפּאָלטענעם דאַשעק אָפּ צווייען".

געדאַליע כיק—„א צעכאָוואָיע טשאַקנדיק שנײַדערל, דעם קאַשקעט איבער די אויגן, מיט א געהאַקט סטענדל".

שמײַע געפּלאָכטענער—„א באַטאָגטער דאַמסקי שנײַדער מיט אויסגעבויגענע פינגער פונעם נייען, מיט אַן אָפּגעריסענעם קריִע־לאַץ, פול מיט נאָדלען אָנגעשטעקט".

צי וואָלטן אַזעלכע רעמאַרקעס ניט אויסגעזען קיין שאָלעמאַלייכעמישע, ווען מיר געפינען זיי אין שאָלעם־אַלייכעמס א פּיעסע? אָט זײַנען, אַשטייגער, אייניקע רעמאַרקעס פון שאָלעם־אַלייכעמען:

רעב זכריע—„א סויפער, א ייִד מיט א גרינער שאַל" („געט").

רעב אַלטער—„איין האַלב פּאָנעם לאַכט, דאָס אַנדערע וויינט" („מאַזלטאָוו") א. א. וו.

ווײַטער. מיר געפינען דאָ דאָס פאַרקריפּלטע אַרויסברענגען פאַרשיידענע קלאַנגען: דאָס פאַרבײַטן, אַשטייגער, א „שין" אָפּ א „סין" (אַגעוו, א פאַרשפּרייטע דערשײַנונג אין דער עלטערער, ייִדישער ליטעראַטור, מיר באַגעגענען זי בא עטינגערן, בא אַקסנפעלדן, בא מענדעלען, בא גאָלדפאַדענען) דאָס פאַרבײַטן א „רייש" אָפּ א „גימל". א. ד. ג.

דאָס פאַרקריפּלען פּרעמדווערטער. בא לינעצקין לייענען מיר: „נאָך אַז ער איז געווען א דאַרדעקע־מעלאַמעד, האָט ער אָפּגעגעבן דעם געזאַמעט אָפּ רישעש". באַם פרייִקן שאָלעם־אַלייכעמען, אויך אין די „וויבאָרעס": „עס איז נאָך אַזאַ אַזעס נישט געהערט געוואָרן, אַז ייִדישע קינדער זאָלן גיין פון א טאַלמוד־טוירע פאַרווײַז, ווי לעהאַוודל, פון דער מיגנאַזיע!" סײַ „געזאַמעט", סײַ „מיגנאַזיע" שײַנען צו זײַן איבערגעטריבן פאַרקריפּלטע ווערטער, אַרײַנגעשטעלטע צוליב קאָמישן עפעקט. ווײַטער באַגעגענען מיר סײַ בא לינעצקין, סײַ בא שאָלעם־אַלייכעמען אין די צענדליקער פאַרקריפּלטע פּרעמדווערטער, ווי טרעאַטער, רעפּעראַציע, פּריצענטן א. א. וו. א. ד. גל.

עס בעט זיך דאָ בִיכלאַל ציִען די אַנאַלאָגיע צווישן לינעצקיס „א פּראָצעס אין רעוווּצקער מיראָוואָי סוד" און שאָלעם־אַלייכעמס „צוויי שאַלאַכמאָנעסן". אי דאָ, אי דאָרט איז דאָס וועזנטלעכסטע דער אײַנפאַל אַרויסצוטראָגן די היימישע קריגערײַ פון רעליגיעזער און רעליגיעז־שטייגערישער אויסקומעניש (בא לינעצקין—די מאַכלוּיקעס אין בעסמעדרעש, בא שאָלעם־אַלייכעמען—די געקריוודעטקייט מיטן שאַלאַכמאָנעס פאַרן „גאָספּאָדינ מיראָוואָי"), וואָס עס שאַפט א קאָמישע סיטואַציע. בא לינעצקין קלײַבט זיך פאַנאַנדער דער „פּאַנ" מיראָוואָי אין הילכעס דוכענען, בא שאָלעם־אַלייכעמען טראָגט אַרויס דער קאַסרילעווקער מיראָוואָי פּאַן מיליניעווסקי

אורטײלן, „פאָ אוקאזו נא אָסנאָוואניע טאקוי־טאָ סטאטי״ „זא פאָסן בערײשיס״ און „זא פאָסן טוירע״.

אמעראציזמען, מעשונע פארדרײטע פּסוקים, דאָס פלעכטן ניט־געשטויגן, ניט־געפלויגן איז געווען לינעצקיס א ליבלינג־מיטל באם אָפּלאכן זײַנע געשטאלטן. א פּאָר בײַשפּילן:

געדאליע כיק: „... אז לויט האָט ארויסגעשטעלט דעם קאָפּ פון דער טײווע און האָט געשריגן „צאָדקאָ מימעני״, האָט דאָס אײזל צוגעקוועטשט טערעכן צו דער וואנט, איז ארויס פערעצ מיט זאָרעכן, האָט מען פערעצן צוגעבונדן א רויטן פאָדעם זײַד און זאָרעכן האָט מען פארשיקט לאאזאָזל״.

און ווײַטער:

„וועד זײַנען דען אלע טאנאָים פון כומעש געוועזן, אז ניט לויטער צעכעווע אָט נעם, שמײַע, פונעם זיידן טערעכ ביז דעם אלטן בילעם האָבן אלע געהאנדלט מיט שער און אײַזן. דו האָסט פארגעסן דעם פּאָסעק: „וואיסרויצעצו האבאָנים בײקירבאָ — די פרעסלעכ האָבן זיכ געטויטשעט אין הרובע?״

אָבער דאָס ווערטפולסטע פאר אונדזער טעמע, וואָס מיר געפינען אין די „ווי־באָרעס״, זײַנען די ווערטלעכ און טײַטשווערטער. עס שווימלט און גריבלט דאָ קימאט אף יעדן זײַטל מיט שיר ניט טעוויעשע ווערטלעכ און פּסוקים. אשטײגער:

א שטרײַמל מיט א ריבײַזן איז קײן פאָר ניט.
פון א טרײַבער קען מען קײן לאפנמיצל ניט מאכן [1].

מיר געפינען דא אויכ צומאָל כאראקטעריסטישע פאר טעוויען ווערטלעכ מיט א פארשארפטן סאָציאלן אינהאלט.

ניט ווייניק זײַנען פאראן פארקריפלטע טײַטשן פון יעשיוועבאָכערישער אָפּשטאַמונג. אָט זײַנען אײניקע בײַשפּילן פון אזעלכע טײַטשווערטער, געבויטע אף קלאנגען־אסאָציאציע:

„סערכאָ טיפּכאָ מײן איכ וואָס לאכסטו״ („מעכריי טיפּכאָ מונייכ עסנאכטאָ״).

„וואָס האָסטו צו טון אין אונדזערע צען קאָדאָשים״ („צײנקאָדאָשים״) א. א. וו.

מיר האָבן אָנגעהויבן פון די „וויבאָרעס״ צוליב צוויי טײַמים: ערשטנס, דאָס דאָזיקע ווערק דאָס סאמע כאראקטעריסטישע פאר לינעצקיס „קונדעסערײַ״, צווייטנס, האָבן מיר דאָ די מעגלעכקײַט נאָכשפּירן, פארוואָס האָט דאָס דאָזיקע ווערק ארויס־גערופן אזויפיל סימפאטיע בא שאָלעם־אלײכעמען.

אָבער צי דען מיט דעם ווערק אליין שעפּן זיכ אויס די שפּורן פון שאָלעמאליי־כעמישן הומאָר בא לינעצקין? בעשומויפן ניט. אייגנטלעכ, דארף מען זוכן די דאָ־זיקע שפּורן שוין פון לינעצקיס ערשטן ארויספאָר — פונעם „פוילישן ייִנגל״. נאָכמער, מיר געפינען זיי דאָ, די דאָזיקע שפּורן, נאָכ אין א גרעסערער מאָס, איידער ערגעץ אנדערשוו. א כאראקטערפולער בײַשפּיל איז די שילדערונג פונעם געמאָרע־זעלאמעד אורעמל כיריק:

---

[1]) די דאָזיקע צוויי ווערטלעכ רופן זיכ איבער מיט ש״א: „מזנבתא דחזירתא לא מכנתא שטראמולתא״.

„... א קארק האָט ער זײַן אייגענעם געהאט, ווי בא א גוטן פאנסקי בוהײַ; אפ דער רעכטער באק א רויטע באָראָדעווקע, א פאָר גרינע אויגן ווי בא א ראבנ קאָטער... די אויבערשטע ליפ איז געווען א טריעכעטאזשנע: א ליפ, געפיטרעוועט מיט נאָך א ליפ און אונטערגעליאמעוועט מיט א קליינ בולבעוואטע ליפל. בעסאַ־כאקל האָט זי א פּאָנעם געהאט, ווי א שוועסדיקער ווערטוט אינ פוילנ; די נאָז איז געווען קורנאָסע מיט צוויי צעשפּארטע נאָזלעכער, ווי דער זאלאטאָי יאקאָר, וואָס איז אויסגעמאָלט אפ דער אָדעסער טשײַנע".

ווײַטער קערט זיך נאָך אום לינעצקי צום רעבנס ליפ און גיט אזא דעטאל:

„א טעווע פלעגט ער (דער רעבע) האָבנ צו עסנ פונעם זאָט: נאָר עס בריט זיך אָבער פאָרט, פלעגט ער ארויסשטעלנ זײַנ טריעכעטאזשנע ליפ, אז זי פלעגט אזש פארקריכנ אריבער א האלבער נאָז"... [1])

א בוילעטנ בײַשפּיל פונ לינעצקיס נעטיִע צו שארזש, צו קאריקאטור שטעלט פאָר מיט זיך די „שיינע" קאפעלע, וואָס האָט געשפּילט באם פוילישנ ייִנגל אפ דער כאסענע. אָט זײַנען די זעקס קלעזמער: „איינער מיט א פויק פונ א ווייקשעפל מיט דרײַ העלצער; איינער מיט א פאָר טאצנ פונ צוויי געקלייזטע פּאָקרעשקעס; דער דריטער מיט א פידל פונ א רובל מיט א קאטשעלקע; דער פערטער מיט א העלדזול פונ א צעבראָכענער בוטעלקע פאר א פלייט; דער פינפטער האָט געקלאפּט דעם זעקסטנ אינ פלייצע ארײַנ, און דער זעקסטער האָט געפײַפט אינ דער זשמעניע".

די דאָזיקע ציטאטעס פונעם „פוילישנ ייִנגל" שטעלנ פאָר מיט זיך בײַשפּילנ פונ אומגעצוווּנגענעם הומאָר.

בא שאָלעם־אלייכעמענ פארנעמט, ווי מיר ווייסנ, זייער א גרויסנ אָרט דאָס פּאַ־ראָדירנ די שפּראך פונ זײַנע אָפּגעלאכטע געשטאלטנ. אויך דאָ, אינעם „פוילישנ ייִנגל" געפינענ מיר ניט ווייניק אזעלכע שטעלנ.

אזוי, צ. ב., לאכט לינעצקי אויס די שפּראך פונעם בעלפער, וואָס זאָגט: „א פאָר טפילים (טפילעס), שעלעג וועקעטער (שעקער וועקזעווו), אריקער וועשוירעש זײַנ (כויקער וועדוירעש זײַנ), מילעכ האָוילים (מעלעכ האָוילאָם)".

טשיקאווע איז פאר אונדז דער שמועס צווישנ דעם פוילישנס ייִנגלס פאָטער און דעם מעלאמעד אווראמל כיריק, מיט וועלכנ לינעצקי לאכט אויס דאָס רעמאָ־זעמדיקע לאָשנ פונעם רעבנ דעם בענטוירע, א לאָשנ פונ אסאך גערעדט און גאָר־ניט ניט געזאָגט.

אָט איז דער שמועס:

— וויפל קינדער האָסטו שוינ?

— ווייס איכ, האָט ער א מאך געטאָנ מיט אלע אייוורים, די קאשיע, אויך די אייגענע מײַסע! כ'לעבנ, ווי זאָגט מענ, דער איניענ דערפונ, איז, אז־ד־ז דער אוי־בערשטער העלפט א ייִדנ. די קאשיע, מע איז זיך מער ניט, ווי א־א־א־א ייִד! מיילע וואָס? פארשטייסטו מיכ! אָט דאָס איז דער גאנצער איניענ דערפונ. נימצע, אז די גאנצע זאך דערפונ איז טאקע, נאָכאמאָל דאָס אייגענע, עס הייסט, אז מע וויל

[1]) „דאָס פוילישע ייִנגל", ערשטע אויסגאבע, אָדעס 1868; די ציטאטעס, וואָס וועלנ ווײַטער געבראכט ווערנ, זײַנענ אויכ גענומענ פונ דער ערשטער אויסגאבע.

קלערן טיפער אין איניען אריַין, קאָן מען זיך, עס הייסט, פּאָשעט פארשטיין, אז־ז־ז... די גאנצע זאך איז טאקע נאָר דאָס! איַ וואָס? נישמער גאָרניט!

— יאָ, מײלע איז רעכט... אָבער מיַין ייִנגל וועסטו נעמען אין כיידער?

— דיַין ייִנגל? נאָכאמאָל, ווי הייסט, איך פארשטיי ניט! די קאשיע, אויך די אייגענע מיַיסע, דער גאנצער איניען דערפון איז זיך א גאָרנישט! הא? ווי זאָגסטו, וואָלטשי? כ׳לעבן, איך האָב מיך פיַינט צו נארן. די קאשיע: וואָס נוצן דאָ אסאך דוואָרים בטיילים? דער עמעס דערפון איז זיך אזוי: א מענטש, ווי זאָגט ער, איז זיך מער ניט, ווי א־א־א־א מענטש! הא! ־־־־־ נאָכאמאָל דאָס אייגענע, איך מיינ טאקע אָן כאָכמעס. וואָס זאָל מען זיך דאָ א שטייגער נארן? מײלע, מײלע וואָס? אהין, אהער, מינ האסטאמ איז זיך עס, עס הייסט, ווי זאָגט יענער, א־א־א־א באַשערטע זאך. נו, מײלע, לאָז זיַין אזוי! כ׳לעבן, איך וועל מיך דאָ עפּעס מיט דיר, ווי זאָגט מען עס־ס־ס... הא? בעקיצער, נישט־נישט! און וויַיטער, צוריק די אייגענע מיַיסע, דו ביסט זיך עפּעס, כ׳לעבן, איך זאָג עס אנטקעגנ דעמ, מע שמועסט, עס הייסט,—פארשטייסטו, אָט דאָס איז עס! איַ וואָס? נישמער, גאָרניט!

ס׳פארשטייט זיך, דאָ הערשט נאָך איבערגעטריבנקיַיט, מיר זעענ דאָ א נעטיִע צו שארזש, וואָס איז געווענ אינ די אייגנשאפטנ פונ לינעצקינ, אָבער פאר אונדז איז קלאָר, אז מיר האָבנ דאָ פאר זיך יענע עלעמענטנ פונ הומאָר, וואָס וועלנ שפּעטער געליַיטערט און גערייניקט ווערנ, באקומענ זייער טיקנ בא שאָלעמ־אלייכעמענ.

א וויכטיקער מאָמענט אינעמ „פּוילישנ ייִנגל״, וו עס פילט זיך א בוילעטע שאָ־לעמ־אלייכעמישע נאָטקע, איז וואָרטשפּילעריַי און וואָרט־איבערכאזערונג. מיר וועלנ דאָ ברענגענ א ביַישפּיל:

„קורצ גערעדט, אפנ אנדערנ זמאנ האָב איך אָנגעהויבנ לערנענ טראפ. אָ דאָ זאָלט איר זענ, ווי איך האָב עס געטראָפנ! אזוי ווי דער גוטער ייִד האָט געטראָפנ— אז איך בינ א מיידל! שוואָ פארנ וואָרט, האָב איך בעשומויפנ ניט געקענט טרעפנ, קומ מיט צאָרעס, אז איך האָב געטראָפנ פּייסעכ קופ—ק! אקיצער, איך האָב שוינ אָפּגערוקט נאָכ א זמאנ און האָב שוינ יאקאָס קיינ טראפ אויך ניט געקענט!״

בא שאָלעמ־אלייכעמענ קאָנ דאָ אנטשפּרעכנ אזא שטעל:

„האָב איך... אָפּגענומענ (מיַינ מוישענ) פונעמ וייגערמאכער און האָב אימ אוועקגעגעבנ צו א שמוקלער, ער זאָל אימ לערנענ דרייענ, שמוקלעריַי הייסט עס, און איך האָב מיך מיט אימ צעשריבנ, מיטנ שמוקלער הייסט עס, אפ צוויי יאָר. אז ער וועט שוינ קענענ גוט דרייענ, וועט ער שוינ עפּעס פארדינענ אויך, און גאָט האָט מיר געהאָלפנ, איך האָב אָנגעטראָפנ אפ א רעכטנ באלמעלאָכע, וואָס האָט אפילע ליב דעמ טרונק, דערפאר האָט ער אָבער אויסגעלערנט מיַינ זונ דרייענ אסאך וינציקער ציַיט, ווי איך רייד מיט איַיך... נאָר וואָס קומט מיר ארויס, אז ער דארפ אימ דרייענ אימזיסט צוויי יאָר נאָכאנאנד? („גיטל פורישקעוויטש״).

בא לינעצקינ גייט דאָ די וואָרטשפּיל אפ „טראפ״, „טרעפנ״—א סובסטאנטיוו מיט א ווערב, בא שאָלעמ־אלייכעמענ—אפנ ציַיט־וואָרט „דרייענ״. אינ לעצטנ פאל איז דער קאָמישער עפעקט שטארקער צוליב דעמ ניט דערזאָגנ, וואָס איז אזוינס דער אָביעקט פונעמ דרייענ.

לינעצקי האָט ליב געהאט אויסצונוצן די ווענד־פאָרם, אלס וויכטיקן באשטאנדטייל פונעם הומאָריסטישן גאנג פון דער דערציילונג:

„וואָס זאָגט איר, מײַנע ליבע לעזער, איז שוין צײַט א דרײַצניעריקן באָכער כאסענע צו מאכן? הא? יאָ, צי ניין? וואָס שווײַגט איר? איך וויס, אז מײַן מעכוטן האָט נאָך צוריק מיט א יאָר געשריבן, אז ס'איז שוין צײַט כאסענע צו מאכן! און איר שווײַגט גאָר! איר זײַט זיך, אפּאָנעם, ערשט מעיאשעוו, וואָס איר זאָלט ענטפערן. הערט נאָר אויס, איך בין אויך אזוי קלוג, ווי איר, איך וויס, וואָס אײַער שווײַגן באשטייט: עס הייסט, ווי איינער רעדט: קוק נאָר אָן אָט דעם לײַטישן פארשוין, ווען מע גיט דאָ א ווײַב! מיר דאכט, ער איז נאָך פון די קינדערשע שיכלעך ניט ארויס! א־יאָ, דאָס מיינט איר? זאָג איך אײַך, אז איר האָט א גראָבן טאָעס: פון די קינדערשע שיכלעך בין איך שוין לאנג ארויס! א סימען האָט איר, אז איך גיי שוין פון פאראיאָרן אין דעם טאטנס פאנטאָפל... און דאָס, וואָס איך געפעל אײַך ניט פאר קיין לײַטישן פארשוין, דאָס הויבט מיך ניט אָן צו ארן, אבי איך געפעל דער קאלע!“...

דאָ איז דער אדרעסאט פון דער ווענדונג שוין ניט קיין צופעליקער גאסט אף דער ווײַלע, ווערלכן דער מעכאבער טוט א וואָרפּ פון יוּיצע וועגן.

אויך אין „סייפער האזיכרוינעס“, ווערלכן לינעצקי האָט ארויסגעגעבן אין אָדעס אין די יאָרן 1882-1883, געפינען זיך ניט ווייניק שפורן פון הומאָר. אין די העפטן 4־5 „סייפער האזיכרוינעס“ האָט לינעצקי אָנגעהויבן דרוקן א זאך (ניט פארענדיקט) מיטן נאָמען „מײַסע־בערײשיס“ (א באשרײַבונג פון א קליין שטעטעלע אין טאווריען-פאניקאָווקע). די אָפּגעדרוקטע צוויי קאפּיטלען שילדערן אן אסיפע אין שול, וואָס אף איר האָבן די באלעבאטים באדארפט אויסקלײַבן א גאבע.

די בײַשפּילן פון הומאָר, וואָס מיר האָבן געבראכט אין די ערשטע זײַטלעך פון אונדזער ארבעט, לאָזן זיך דאָ פארצווייפאכן און פארדרײַפאכן. מיר וועלן זיך אָבער אָפּשטעלן בלויז אף דעם וועזנטלעכסטן, וואָס קאָן האָבן אן אינטערעס פאר אונדזער טעמע.

אָט איז, אשטייגער, א צעטל נעמען פון שטעטלעך: ווארווארעאָווקע, פּאק, זלאָדיעווקע, מאמזוראָווקע, כאטעפּאָקרישקע א. א. וו.

ווי עמעס עס זאָל ניט זײַן די באהויפּטונג, אז דאָ איז געגאנגען די טראדיציע פון דער רוסישער ליטעראטור—פון שטשעדרינען (הא־גאם, אויך אין דער אלטער יידישער ליטעראטור איז געווען ענלעכס דערצו—אשטייגער אקסנפעלד—„ניביוואלע“, „ווימיסלע“), איז דאָך אינטערעסאנט, אז נאָך א לאנגע צײַט פאר שאָלעם־אלייכעמען האָט לינעצקי באנוצט אזוינע נעמען. פארגלײַך, אשטייגער, מיט „איש היה ביזלאָדיעווקע“, וווּ עס הויבט זיך אָן בא שאָלעם־אלייכעמען „דער פארקישעפטער שנײַדער“. און ווײַטער: „קאָזאָדאָיעווקע“, „פישיאבעדע“, „כאפלאפּאָוויטש“, „פעטשעכוואָסט“.

אויך דאָ באגעגענען מיר אף שריט און טריט טעוויעשע ווערטלעך. אשטייגער: „אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר“—פרידע קאָזע דאָ וואָזע“ (בא שאָלעם־אלייכעמען—„א מענטש איז שוואכער פון א פליג און שטארקער פון אײַזן“).

לינעצקי איז געווען א מייסטער א פּאָרטרעטיסט. א פּאָרשטעלונג וועגן לינעצ־קין אלס פּאָרטרעטיסט גיבן אונדז זיינע פּאָרטרעטן אין פערזן.

אין „דער פּריטשעפּע" (אָדעס 1876) איז אָפּגעדרוקט א זאך „א נר־דערקענט", ווו לינעצקי גיט דעם פּאָרטרעט פון איינעם א שרייבער „דער כראָניקער", וואָס פלעגט זיך דרוקן אין „המליץ".

„א גרוי יידל מיט א רויטער נאָז
אין א פּאָר ברילן פון בלאָווער גלאָז,
אין א צילינדער מיט א לאנגן טווינ —
דאָס הייסט: איך בין אהער און אהין...
איך בין א כאָסיד, אריסטאָקראט און דאָס...
איך בין מעכאבער און שטאַט-באַלעבאָס!"

און אָט איז א צווייטער פּאָרטרעט, „טרעפט וועמען איך מיין?" געוועגדעט, ווי כ'האָב פעסטגעשטעלט, קעגן קלארפעלדן — אווראָם גאָלדפאדנס שוואָגער. אָפּגע־דרוקט אין דער זעקסטער העפט פון „סייפער האזיכרוינעס":

„פון ווינאָבאָקער יאכסאָנים
קומט ער קלאָמערשט ארויס:
כאָצופ און אזעספּאָנעס,
וואָס די וועלט לאָזט זיך אויס!
א פּראלער, א כוואסטון,
א טיפּעש און גראָבער יונג
און קריכט נאָר אויבן אָן,
און שטופּט אומעטום די צונג.
דער קאָפּ אינמיטן הויל,
א פּאָנעם טאָמעד ווי נאָך א פאטש,
א פּפייפע שטענדיק אין מויל
בין איך — סע הייסט א דייטש!"

ווי עמעס עס זאָל ניט זיין דער געדאנק, אז מענדעלע איז געווען דער ער־שטער טאָנגעבער אין דער ליטעראטור, קאָן מען בעשומויפן ניט מאסקים זיין, אז אפ אים זעלבסט איז געשטאנען די גאנצע ליטעראַרישע טראדיציעס. און לינעצקי? שוין־זשע איז ער געבליבן אויסער יעטווידע ווירקונג־ספערע פון דער יידישער לי־טעראטור? אז אזא אויספיר וואָלט געווען ביז גאָר פאלש, האָבן מיר שוין געזען אויבן.

עס דארף, אלזאָ, געשטעלט ווערן די פראגע אזוי: מענדעלע און לינעצקי זיינען געווען די טאָנגעבער אין דער ליטעראטור, בא וועמען ש"א האָט געקאָנט אסאך אָפּלערנען. אין פראט פון פּאָרטרעט איז ש"א שוין פון אָנהויב אָן ניט געגאנגען אין די טריט פונעם זיידן. צי קאָנען מיר דערלאָזן אזא געדאנק, אז ש"א האָט זיך אין דעם פראט געלערנט בא לינעצקין?

לאָמיר זיכ דאָ דערלויבנ מאכנ אנ עקסקורס ווידער אינ די „וויבאָרעס". מיר האָבנ אויבנ געזענ, אז דאָס דאָזיקע ווערק האָט ארויסגערופנ בא שאָלעמ-אלײכעמענ גאָר גרויסע סימפּאטיעס, וואָס האָבנ זיכ ניט אויסגעוועפּט אינ מעשעכ פונ יאָרנ. איז דעריבער קעדײַ אויסצוזוכנ פונ דעמ ווערק אלצ, וואָס עס לאָזט זיכ ארויס-דרינגענ פאר דער שאָלעמ-אלײכעמ-דערקענטעניש.

אז די נעמענ פונ די געשטאלטנ פונ ש״א „וויבאָרעס" (רעב יאָסיפּ מונדיר, רעב פײַטל גלאָק, רעב פײַוול קנאק, פרידל בליצ) שטימענ גראד מיט לינעצקיס גײַסט, ווײסנ מיר שוינ. ווי זשע האלט עס מיט אנדערע סימאָנימ? צי ציִענ זיכ ניט נאָכ א ווײַלכע ניט איז פעדימ פונ לינעצקינ? די ריכטיקע לײזונג פונ דער דאָזיקער פראגע וואָלט אונדז ארײַנגעפירט אינ דער לאבאָראטאָריע פונ שאָלעמ-אלײכעמס שאפנ אינ סאמע אָנהויב פונ זײַנ ליטערארישער טעטיקײַט.

לאָמיר דאָ קעגנשטעלנ צו צוויי פּאָרטרעטנ פונ לינעצקיס אונ שאָלעמ-אלײכעמס „וויבאָרעס".

**לינעצקי**

כײַקל אלטגעזעסענער

„א באַיאָרטער שנײַדער מיט אנ אויסגעקראָכענעמ קאָפּ מיט א שיטער בערדעלע, דעמ קאשקעט איבער די אויגנ אונ רעדט ווי פּישטשעלקע".

2. מוישע בולבע

„א קורצ קײַלעכדיק יידל מיט א ריזשע בערדל, אינ דער מיט א ברײטע גאָרע".

**שאָלעמ-אלײכעמ**

רעב פײַוועל

„א באטאָגטער ייִד מיט אנ אויסגע-פליקטער באָרד מיט צוויי גראָבע פּײעס".

2. פרידל בליצ

„א קלײנ קײַלעכדיק יידל, מיט קלײנע הענטלעכ, מיט א קײַלעכדיק פארגאָסנ פּאָנעמ אונ קלײנע אײגעלעכ".

די געצײלטע צוויי בײַשפּילנ, וואָס מיר האָבנ דאָ געבראכט, זײַנענ א באווײַז וועגנ דער באשײַנפּערלעכער ווירקונג פונ לינעצקינ אפ שאָלעמ-אלײכעמס ארט בויענ א פּאָרטרעט. נאָכ מער, דאָ פאלט צונויפּ ניט נאָר דער סטרוקטור-אויפנ, נאָר אפילע דער לעקסישער באשטאנד!

אויב מיר וועלנ נאָכ נעמענ אינ אכט, אז אינגאנצנ גיט שאָלעמ-אלײכעמ דרײַ פּאָרטרעטנ אינ די „וויבאָרעס", צוויי פונ וועלכע גײענ דירעקט פונ לינעצקינ, וועט דער דאָזיקער פאקט בלײַבנ ביז גאָר באלערעוודיק פאר אונדז.

צי זײַנענ נײטיק נאָכ באווײַזנ? מיר דאכט, דאָכ איז אינטערעסאנט צו פארצײ-כענענ, אז א ביז גאָר וויכטיקער ארגומענט צו אונדזער פראגע געפינענ מיר בא... שאָלעמ-אלײכעמענ אלײנ. אינ דעמ אויבנ ציטירטנ אײַנלאדונג-בריוו צו לינעצקינ וועגנ באטײליקנ זיכ אינ דער „פאָלקס-ביבליאָטעק" האָט שאָלעמ-אלײכעמ, בעטנדיק בא לינעצקינ א זאכ „אפ דעמ שניט פונ די „וויבאָרעס", אימ געשריבנ: „מיר געפעלט די פּאָרטרעטנ по Гейновскому און די פאָלקסשפּראַך по Щедринскому. די דאָזיקע ביז גאָר הויכע אָפּשאצונג, וואָס שאָלעמ-אלײכעמ האָט דאָ געגעבנ לינעצ-קינ, דארפ אונדז דינענ, ווי די טיפּסטע איבערצײַגונג, וואָס לאָזט ניט הינטער זיכ

קיינ ספייקעס, אז אינ פראט פונ הומאָריסטישנ פאָרטרעט ציט שאָלעמ־אלייכעמ דעמ אָנהויב דירעקט בא לינעצקינ.

שאָלעמ־אלייכעמ האָט אינ מעשעכ פונ זײַנ גאָרער ליטעראַרישער טעטיקײַט זיכ ניט צעשיידט מיט דער לינעצקי־טראַדיציע אינעמ בויענ זײַנע פאָרטרעטנ, ער האָט זיי, פארשטייט זיכ, באַרײַכערט מיט נײַע פארבנ אונ ניואנסנ, זיי דערפירט צו א העכערער קינסטלערישער שליימעס, אָפלײַטערנדיק זיי פונ יענעמ איבערזאלצנ אונ איבערפעפערנ, פונ יענעמ „טיטשע מיטנ גראָבנ פינגער", וואָס איז געווענ אינ די אייגנשאפטנ פונ לינעצקיס טעמפעראמענט.

די אלע אויסגערעכנטע מאָמענטנ שעפנ ווײַט ניט אויס אלצדינג, וואָס איז נעגייע לינעצקיס הומאָר. לינעצקי פארמאָגט א ביז גאָר רײַכע לעקסיק, א שלאל מיט פאר־ביקע עפיטעטנ, אויסגעצייכנטע, טרעפלעכע פארגלײַכענישנ, אנ אייגנארטיקנ זאפטיקנ סטיל, וואָס האָבנ אימ געגעבנ די מעגלעכקײַט צו דערהויבנ זיכ צומאָל, אפ באזונדערע זײַטלעכ אונ שטעלנ פונ זײַנע קינסטלערישע ווערק אונ פובליציסטישע ארטיקלענ, ביז גאָר א גרויסער הויכ. אונ ניט אומזיסט האָט ער פארדינט אזא הויכע אָפשאצונג פונ שאָלעמ־אלייכעמענ. דאָס אלצ פאָדערט א גרונטלעכע דערלערנונג, וואָס קאָנ „אינ איינ האלב שאָ" ניט אָפגעטאָנ ווערנ. אָבער שוינ פונ די געבראכטע בײַשפילנ איז צו זענ, אז צו שאָלעמ־אלייכעמענ ציִענ זיכ געוויסע פעדימ דירעקט פונ לינעצקינ. מע דארפ זיי זוכנ די דאָזיקע פעדימ סײַ אינ די אויפאנימ אונ מיטלענ פונ אָנווענדנ דעמ הומאָריסטישנ זשאנר, סײַ אויכ אינעמ אויפנ פונ אויסנוצנ די עלעמענטנ פונ פאָלקלאָר.

ניט געקוקט דערופ, וואָס לינעצקי האָט געהאט פאר זיכ אזעלכע פאָרגייער, ווי אקסנפעלד אונ גאָטלאָבער, וואָס האָבנ אינ זייער שאפנ זיכ באנוצט מיטנ וואָלינער יִדיש, בלײַבט ער דאָכ דער איינציקער ווירקונגספולער שרײַבער פונ שאָלעמ־אלייכעמס צײַט, וואָס האָט אינ זײַנע ווערק אינ אזא ברייטער מאָס אָנגעווענדעט דעמ אוקראִיניש־יִדישנ פאָלקלאָר.

לינעצקיס שאפנ שטעלט מיט זיכ פאָר אפ אזא אויפנ א וויכטיקנ קוואל פאר דער שאָלעמ־אלייכעמ־דערקענטעניש. דערלערנענדיק שאָלעמ־אלייכעמענ, וועט דער ליטעראטור־פאָרשער אינ קיינ פאל ניט קאָנענ אויסמײַדנ דעמ ערשטנ טאלאנטפולנ יִדישנ הומאָריסט אונ סאטיריקער — יִצכאָק־יויעל לינעצקינ, פונ וועמעס קוואלנ שאָלעמ־אלייכעמ האָט געטרונקענ מיטנ פולנ מויל.

---

ל. דושמאַנ

# יִיצכאָק יויעל לינעצקי

(אַרכיוו־מאַטעריאַלנ)

דער ייִדישער זשורנאַליסט י. ס. פּעטריקאָווסקי האָט אינ „רוסקי יעווריי“ פאַרנ 1880 יאָר, נומ. 20, אָפּגעדרוקט אַנ אַרטיקל אונטערנ נאָמענ: „דער ייִדישער זשאַרגאָנ אונ זײַנ ליטעראַטור“, וווּ ער רעדט וועגנ דער רוסיש־ייִדישער אינטעליגענצ, וועלכע באַציט זיכ מיט ביטל צו דער ייִדישער ליטעראַטור, אונ אַז ער אַליינ איז אויכ געווענ די זעלבע מיינונג, נאָר אַדאַנק זײַנ באַקאַנטשאַפט מיטנ בעלאָצערקאָווער ד״ר טשערני, לינעצקיס כאַווער, א גרויסער ליבהאָבער פונ דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט ער, פּעטריקאָווסקי, געביטנ זײַנ מיינונג.

לינעצקי,—שרײַבט פּעטריקאָווסקי,—איז איינער פונ די טאַלאַנטפולסטע אונ פּאָפּולערסטע שרײַבער צווישנ ייִדנ. פּאָפּולער איז ער געוואָרנ אַדאַנק זײַנ „פוילישנ ייִנגל“, וווּ ער „וויקלט פאַנאַנדער פאַר אונדזערע אויגנ א בילד פונעמ היימישנ אונ סאָציאַלנ לעבנ פונ די פוילישע ייִדנ. דאָס גאַנצע בילד איז אַזוי בוילעט געשילדערט אינ אַלע זײַנע דעטאַלנ, איז אָנגעשריבנ מיט אַזא שטאַרקער הומאָריסטישער שפּראַכ, יעדע סצענקע אָטעמט מיט אַזא פענאָמענאַלנ קאָנענ אונ וויסנ דאָס ייִדישע לעבנ, אַז ניט ווילנדיק רופסטו אימ אָנ דער ייִדישער גאָגאָל“.

אַלע ווערק פונ י. לינעצקי,—שרײַבט ווײַטער י. ס. פּעטריקאָווסקי,—זײַנענ אָנגעזאַפּט מיט א מענטשלעכנ געפיל צו דער ייִדישער געזעלשאַפט אונ באַזונדערס צומ פּראָסטנ פאָלק. דערפאַר האָט אימ די מאַסע אַזוי ליב אונ איז פונ אימ אַנטציקט!.. ווי נאָר עס דערשײַנט זײַנס א נײַ ווערק, ווערט זי מאָמענטאַל איבערגעלייענט, איבערגעקײַט אונ די בעסטע ערטער, די אָריגינעלע אויסדריקנ גייענ גלײַכ אַרײַנ אינ פאָלק אונ ווערנ פאַרוואַנדלט אינ גלײַכווערטלעכ.

דער „פוילישער ייִנגל“ האָט געהאַט א גוואַלדיקנ דערפאָלג. מענטשנ פונ אַלע פּאַרטייענ, אַפילע די כסידימ, קעגנ וועלכע דאָס בוכ איז געווענ געריכטעט, האָבנ זיכ אָבאָנירט אָפנ „קויל־מעוואַסער“. א צײַט פאַר דעמ, ווי דער „פוילישער ייִנגל“ האָט זיכ גענענדיקט דרוקנ אינעמ „קויל־מעוואַסער“, האָט דער רעדאַקטאָר, ווענלנדיק צופרידנשטעלנ די ביטע פונ די גרויסע צאָל אַבאָנענטנ, אַרויסגעלאָזנ א ספּעציעלע אויסגאַבע פונ דעמ ווערק, אַלס בײַלאַגע צומ זשורנאַל.

וועגנ לינעצקיס מיטאַרבעט אינעמ „קויל־מעוואַסער“ אונ וועגנ דער באַציִונג פונעמ רעדאַקטאָר צעדערבוימ צומ פאַרפאַסער פונ „פוילישנ ייִנגל“, דערציילט אונדז

לינעצקיס טאָכטער ס. גריידנבערג, אינ אירע „פארצייכענונגענ וועגנ מײַנ פאָטער־
אָט וואָס:

„... פונ אגרימאנ שיקט לינעצקי אינ „קויל מעוואסער" אנ ארטיקל אונטערנ
טיטל „שאָלעמ־אלייכעמ", וואָס איז גאנצ ווארעמ אופגענומענ געוואָרנ. דאנ שיקט
ער אויכ קאפיטלעכווײַס אינ „קויל־מעוואסער" זײַנ „פוילישנ יינגל". דער דערפאָלג
פונ „פוילישנ יינגל" איז געווענ א קאָלאָסאלער. מע האָט מיר דערציילט, אז אסאכ
מענטשנ פלעגנ ווארטנ פאר דער רעדאקציע אינ טאָג פונ דערשײַנענ פונ דעמ
נומער, אפנ העמשעכ פונ ראָמאנ. דערוויסנדיק זיכ וועגנ דעמ גרויסנ דערפאָלג פונ
זײַנ ווערק, פאָרט לינעצקי אינ אָדעס צו באקומענ בא צעדערבוימענ האָנאָראר—
צעדערבוימ האָט אימ אָפגעזאָגט. „ניט איכ אײַכ, נאָר איר דארפט מיר באצאָלנ,
וואָס איכ האָב אײַכ ארויסגערוקט אונ בארימט געמאכט"—אזוי האָט געענטפערט
צעדערבוימ.

לינעצקי האָט ניט פארגעסנ צעדערבוימס זדעקעס איבער אימ אונ האָט אימ
שטארק דורכגענומענ אינ זײַנ „וועלט־לועכ" פונ (1875) אינעמ דיאלאָג צווישנ מע־
נאכעמ־מענדלענ אונ געצעלנ אונטערנ נאָמענ: „א געשפרעכ איבערנ פוילישנ יינגל".

אינ זײַנער א ניט־געדרוקטער רעצענזיע אינ 1884־טנ יאָר אפנ „שלימאזל" (א
זשורנאַל פונ מ. דלוגאטש), דערמאָנט שאָלעמ־אלייכעמ לינעצקינ. ער שרײַבט:

„... אינ דער רוסישער ליטעראטור וועלנ גאָגאָל אינ טורגעניעוו קיינמאָל ניט
שטארבנ, ווײַל דער ערשטער איז געווענ א סאטיריק אונ דער צווייטער—א הומאָ־
ריסט, אויסער וואָס זיי זײַנענ געווענ גרויסע פאָעטנ. אונדזער אָרעמער זשארגאָנ
האָט אויכ זײַנ הומאָריסט (אבראמאָוויטש) אונ זײַנ סאטיריק (לינעצקי), געוויינלעכ,
אינ א פארקלענערטנ ארט. דאָ מוזנ מיר א באמערקונג מאכנ, אז אונדזער זשאר־
גאָנ האָט אינ זיכ מער שטאָפ צו דער סאטירע (לעצאָנעס) אלס אנדערע שפראכנ;
דערמיט האָט ער צו דאנקענ דער טעכניק פונ דער שפראכ: מיט א קנײַטשעלע
אינ דער זײַט, מיט א מײַמער האמוסגער, מיט א נאָמענ, מיט א קליינ שטריכעלע
ווערט שוינ די פראזע סאטיריש אונ רופט ארויס א שמייכל באמ לעזער ניט־
ווילנדיק...

„... אפ דעמ איז לינעצקי בא אונדז דער גרעסטער מײַסטער, אונ אינ זײַנע
געוויסע „וויבאָרעס" האָט ער באוויזנ אזא קונסט, וואָס אלע קליינע מעכאברימלעכ,
וועלכע פרוכפערנ זיכ אונ מערנ זיכ, ווי די פיש אינ וואסער, קאָנענ אימ (לינעצ־
קינ) בעשומויפנ ניט נאָכמאכנ, אזוי אז זייער מי איז גאָר אומזיסט, ווי דאָס
קוועטשנ זיכ פונ קרילאָווס זשאבע, וואָס האָט געוואָלט ווערנ הויכ גלײַכ מיט דעמ
אָקס, אונ האָט זיכ געקוועטשט אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז זי האָט נעבעכ געפלאצט
קוועטשנדיק...

דעמ זעלבנ פסאקינ האָט געהאט אונדזער וואָלוועלער סאטיריק ה, דלוגאטש
מיט זײַנ שלימאזלדיקנ „שלימאזל", אינ וועלכנ דער פארפאסער קוועטשט זיכ אונ
קרימט איבער לינעצקינ..." [1])

---

[1]) שאָלעמ־אלייכעמ־בוכ, ניו־יאָרק, ז. 326.

וועגן לינעצקיס „דער וואָרעם אין כריין", וואָס האָט זיך געדרוקט אין „פאָלקס־ביבליאָטעק" האָט שאָלעם־אליכעם געשריבן צו ראַווניצקין:

„... ביכלאַל איז דער „וואָרעם" אויסגעצייכנט. אונדזער אַלטער וועטעראַן, אַז ער וויל, קאָן ער שרײַבן. אונדזערע אַלטע זשאַרגאָניסטן באַווײַזן, אַז זיי גייען וופער־ריאָד, ניט צוריק, ווי בא אנדערע שרײַבערס פירט זיך אפ דער וועלט. אַלטע טאַל־מידע־כאַכאָמים, וואָס עלטער זיי ווערן, מער מעיושעוודיק ווערן זיי. בראַוואָ!" [1]

בײַסיק טרעט לינעצקי אויס קעגן די קליייקוידעש, זײַנע גלײַכוועדטלעכ טרעפן אין פינטל אַרײַן. אָט זײַנען אייניקע פון זיי:

— פאַרוואָס איז אין מאַקאָליפּקע אַזאַ שלעכטער געררוך?

— ווײַל דער רעבע האָט פון דאָרט אַן אָפּטרעט געמאַכט.

מע זאָגט, אַז אין שטעטל ל... פּאָדאָליער גובערניע איז געוואָרן אַ ראָוו מיט זעקס הענט — מיט צוויי שרײַבט ער אַ פּסאַק פאַר די באַליי־דינים און מיט פיר נעמט ער...

אין אַ כסידישן גאָרגל איז דרײַ קוואָרט ספּירט — אין אַ קוואָרט איז צוואַנציק כסידישע אויגן.

דורכנעמענדיק די רעביים, פאַרגעסט ער אויך ניט אָן צעדערבוימען און שטעכט אים דורך מיט זײַן בײַסיקער פײַל:

מע זאָגט, אַז אפּן אָרט פון אונטער, מאַלקע, מיילעכ אין קאָרטן, האָט מען גאָר אויסגעמאָלט פוילישע גוטע יידן מיט רעדאַקטאָרן. נאָר וואָס דען? מע דאַרף זיך זייער היטן צו שפּילן אפ די פיגורן, מאַכמעס מע קאָן אפ זיי ניט שטעלן... נאָר איין אייצע איז: מע זאָל זיי ניט אָנקוקן פריער און שפּילן בעלווירע...

אין דער „געשיכטע פון יידישן טעאַטער" פון ב. גאָרין לייענען מיר אָט וואָס וועגן לינעצקין אַלס דראַמאַטורג.

דער יידישער טעאַטער אין אָדעס האָט אויך בא לינעצקין אַרויסגערופן אַ כיישעק צו נעמען זיך צו דער דראַמע. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ גוטן כוש פאַר הומאָר, האָט מען פון אים דערוואַרט אַ צאַפּלדיקע קאָמעדיע. דער פאַקט, אַז אין רומעניע האָט הורוויטש דראַמאַטיזירט זײַן „פוילישן יינגל", האָט אים געוויזן אַז ער קען שאַפן אָריגינעלעס פאַר דער בינע. און ער האָט זיך טאַקע גענומען צו אַ פּיעסע, וועלכע איז פאַרטיק געוואָרן, ווען גאָלדפאַדן האָט זיך צוריקגעקערט קיין אָדעס.

גאָלדפאַדען און די גאַנצע קאָמפּאַניע איז געקומען הערן לינעצקיס נײַסטע שאַפונג. לינעצקי האָט געלייענט און גאָלדפאַדן און די אַקטיאָרן האָבן זיך געהאַלטן פאַר די זײַטן פון לאַכן. פּלוצים האָט זיך לינעצקי איבערגעהאַקט אינמיטן. ער איז געקומען צו אַ שטעלע, וואָס הייסט אפ דעם לאָשן פון דער בינע „אַפּאַרט" אָדער „אַנאַזײַט". דאָס רעדט איינער אַרויס אפ דער בינע, וואָס ער טראַכט אין הארצן און די צושויער דאַרפן פאַרשטיין, אַז ווען ער רעדט אַזוי, הערן ניט די אנדערע, וואָס שטייען לעבן אים אפ דער בינע, וואָס ער זאָגט.

---

[1] דאָרט, ז. 182.

עס איז גראד אויסגעקומענ, אז די רייד, וואָס זײַנעג געווענ באצייכנט „אפארס" האָבנ אויסגעזאָגט א סאָד, וואָס די אנדערע פערזאָנענ אפ דער בינע האָבנ בעשומויפנ ניט געטאָרט וויסנ, אונ ווענ זיי ווערנ דערפונ געוואָר, האָט די גאנצע ווײַטערע האנדלונג קיינ שום מאמאָשעס ניט אונ קריגט א פּאָנעם פונ כויזעק. דער אבסורד דערפונ האָט אזוי א קיצל געטאָנ דעם הומאָריסט, אז ליִנעצקי האָט אויסגעשאָסנ אינ א געלעכטער אונ אויסגערופנ:

— צו אלדע רוכעס! דאָס איז דאָכ נארעש, אינ אלע ווינקעלעכ פונ טעאטער וועט מענ הערנ, וואָס ער זאָגט, נאָר די, וואָס שטייענ לעבנ אימ דארפנ אפ דער מינוט טויב אונ בלינד ווערנ אונ קיינ זאכ ניט הערנ אונ קיינ זאכ ניט זענ. פוי!

ער האָט אנטשלאָסנ פארמאכט די העפט אונ ניט געוואָלט לייענענ ווײַטער. אונ וויפל גאָלדפאדענ איז צו אימ ניט צוגעשטאנענ אונ דערקלערט אימ, אז דאָס איז גוט אזוי, אונ אנדערש קענ גאָרניט זײַנ, האָט ניט געהאָלפנ. וואָס איז געוואָרנ פונ יענער פיעסע, איז ניט באוווסט. זי איז קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרנ. אונ שפּעטער האָט ער זײַנ כיישעק צו דראמע געשטילט דערמיט, וואָס ער האָט איבער־געזעצט לעסינגס „נאטאנ דער ווײַזע".

ווענ ר. גראנאָווסקי האָט דערציילט ליִנעצקינ וועגנ דער לאגע פונ די ייִדישע טענצער, זינגער אונ שפּילער אינ די אָדעסער ווײַנקעלערס אונ האָט באדויערט די טאלאנטנ, וואָס ווערנ דאָרט פארלוירנ, האָט אימ ליִנעצקי געזאָגט: „זאָלסט געווענ קומענ מיט צוואנציק יאָר פריִער קיינ אָדעס, וואָלסטו אינ די זעלביקע קעלערס געווענ געטראָפנ מיכ אונ גאָלדפאדענענ זינגענ אונדזערע בעסטע לידער. מיר האָבנביידע געזונגענ אינ די קעלערס. אסאכ טאלאנטנ ווערנ בא ייִדנ פארלוירנ". [1]

ליִנעצקיס יובילייִ איז דורכ זייער פײַערלעכ אינ אנ ענגנ קרײַז פונ זײַנע פארערער. די ליטעראַרישע פּניי האָבנ אימ פארשוויגנ אונ איגנאָרירט.

אָט וואָס זײַנ טאָכטער שרײַבט אינ אירע זיכרוינעס וועגנ אָט דעם יובילייִ.

דעם 17־טנ נאָיאבער 1890 יאָר איז געפײַערט געוואָרנ דער יובילייִ פונ דעם פּאָטערס 25־יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט, די פײַערונג איז געווי באשריבנ אינ א בראָשור, וואָס איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ 1891 דורכ א קרײַז מאסקילים אונ מעצענאטנ. דער יובילייִ איז דורכ זייער פײַערלעכ אונ הארציק: אסאכ רעדעס מיט באגריסונגענ, טעלעגראמעס, די פײַערונג איז פאָרגעקומענ אינ אונדזער זאל. די רעדע פונ ליִנעצקינ, א מינ ווידע פונ א באליידיקטער נעשאָמע, האָט אופגע־טרייסלט אלע אָנוועזנדיקע. אסאכ האָבנ געוויינט. די ווענט האָבנ געציטערט פונ שטורמישע, אפּלאָדיסמענטנ אונ באגײַסטערטע געשרייענ.

דאָס איז אָבער געווענ בלויז א לעפּעלע האָניק אינ א גרויסער פאס באליידי־קונגענ אונ דערנידעריקונגענ. שוינ דעמלט האָט זיכ ארויסגעוויזנ יענע ווילדע אומ־געלומפּערטע סינע צו ליִנעצקינ מיצאד די ליטעראַרישע פּניי, וואָס האָט צום סאָפ פונ זײַנ לעבנ אָנגענומענ דעם כאראקטער פונ אנ אָרגאניזירטער, אָנראכמאָנעסדי־קער פארפאָלגונג. זי האָט זיכ אויסגעדריקט קוידעמקאָל אינ א פּאָליטיק פונ פאר-

---

[1] ר. גראנאָווסקי — ייִצכאָק יויעל ליִנעצקי (זיכרוינעס) „פּנקס", באנד 1, העפט 1־2, 1927 יאָר, ניו־יאָרק.

פאָלגונג. זי האָט זיך אויסגעדריקט קוידעמקאָל אין א פּאָליטיק פון פאַרשווײַגן און איגנאָרירן. מע האָט פײַנט געהאַט דעם דאָזיקן דרייסטן און בײַסיקן מענטשן. דעם אָרעמען מעכאַבער אָן מאַנירן, וואָס האָט שלעכט גערעדט רוסיש. מע האָט פײַנט געהאַט זײַן שאַרפע צונג און אָפּט גאַליקע ווערטלעך. און קוידעמקאָל האָט מען ניט מויכל געווען לינעצקין זײַן ערלעך פאַרדינטן רום, זײַן אויפריכטיקן טאַלאַנט. לינעצקין האָט מען ניט געדרוקט, מע האָט וועגן אים ניט געשריבן, מע האָט אים ניט באַמערקט. אַף זײַן יובילײ זײַנען געקומען פרײַנט, פאַרערער,—פון שרײַבער בלויז ייִנגערע, ווייניק באַקאַנטע. די „גענעראַלן" פון דער ליטעראַטור האָבן זיך ניט באַוויזן, און אַפילע ניט געפונען פאַר נייטיק צו שיקן שריפטלעכע באַגריסונגען.

געשוויגן האָבן האַרטנעקיק אויך „האַמייליץ" און „האַצפירע". דער יובילײ־קאָמיטעט האָט באַצײַטנס צו וויסן געגעבן אַלע ייִדישע פּרעסע־אָרגאַנען, אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן; פון א גרויסן אויפרוף, וואָס מע האָט געשיקט אין „וואָסכאָד", האָט די רעדאַקציע אָפּגעדרוקט בלויז 5 שורעס. „האַמייליץ", ווו לינעצקי האָט דעביוטירט, האָט רעאַגירט אַפן יובילײ מיט א קורצער נאָטיץ פון 3 שורעס.

דער שוין דערמאָנטער א. גראַנאָווסקי האָט זיך געווענדעט צו י. י. לינעצקין, ער זאָל אים זאָגן זײַן מיינונג וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג. אַף דעם האָט אים לינעצקי געענטפערט מיט פאָלגנדיקן בריוו:

„.... וואָס אַנבאַטרעפט אײַער ערשטע ביטע אין אײַער בריוו, איך זאָל אײַך אַרויסזאָגן מײַן מיינונג איבער דער ציוניסטישער באַוועגונג, וווּנדערט עס מיר זייער. מײַן לאַנגער שווײַגן ביז אַהער וועגן דעם איניען, וואָלט איך שוין געקאָנט גענוי איבערצײַגן אין מײַן ווידערווילן צו ריידן דערפון... און געשוויגן האָב איך געוויס ניט אויס אינדעפערענטיזם צו מײַן פאָלקס־לאַגע, זאָנדערן אויס דעם אַלטן פּרינציפּ: "Балажен кто верит„, איך בין פון קינדהײַט אָן באַרויבט די פײַקײַט אַלעס צו גלויבן קענען. איך זאָל געווען קענען גלויבן, וואָלט איך געווען געגלויבט אין אונדזערע העברייִשע גאַזעטניקעס און וואָלט שוין לאַנג געווען א מוירעמיירענע... וואָלט געגלויבט די אָליפאַנטן, קאַזאַלעטן, רויטע פוקסן און געלע ריאַבטשיקעס..! און וואָלט שוין לאַנג געווען דעם אַלטן בענציעס א לעבעדיקער יוירעש... די אַלע פראָפעסיעס וואָלטן דאָך געווען בעסער אַלס אַן אָפּגעפּאַסקנטער ייִדישער מעכאַבער... ניט מער, וואָס העלפט עס, בעסער ערגער, אַז עס גלויבט זיך פאָרט ניט!? כאָטש טו זיך א מײַסע אָן, קאָן איך ניט גלויבן אין דעם, וואָס איז קעגן דער ווירקלעכקײַט מיטן גראַדן פאַרשטאַנד... דאָס זעלבע איז מיר מיט דער איצטיקער נײַער באַוועגונג. כ'וואָלט אַוואַדע געוואָלט גלויבן גלײַך מיט אַלע אין א טקומאַס ייִסראָעל, דורך אַן אייגענער פּאָליטישער מאַכט פאַר אַן אַקציע מיט א שעקל, נאָר טו עפּעס, אַז סע גלויבט זיך מיר פאָרט ניט אַפן הימל א יאַריד...?"

## אינהאלט



---

רעדקאָלעגיע.

אָפּגעגעבן צום דרוק 9/IX—39 י. אונטערגעשריבן צום דרוק 17/XI—39 י. צאָל דרוק־בויגנ 6.
טיראַזש 2000. באשטעלונג נומ. 947. גלאַווליטבעל נומ. 636.

דרוקעריי א. נ. סטאלין—מינסק.

